סאַלאָמאָן קאַהאַן

# יידיש־מעקסיקאניש



פֿאַרלאַג „זעלבסטהילף״
מעקסיקע, ד. פ.
1945

געווידמעט
דעם ליכטיקן אָנדענק
פון מיין מאמען

# מעקסיקאנער פייזאזש

ווען איך טראכט וועגן מעקסיקע, האב איך נישט אין זינען די פרעכטיקע געביידעס פון דער הויפט־שטאט און די מאדערנע טיילן פון אנדערע מעקסיקאנישע שטעט. נישט די שבת־יום־טובדיקע מעקסיקע שוועבט אויף אין מיין גייסטיקן אויג. אין מיין פארשטעלונג איז איינגעקריצט די טראגיק, וואס שוועבט איבערן בריט־אויסגעשפרייטן מעקסיקאנישן לאנד. אין מיין באוווסטזיין לעבט די בלוטיקע איראניע פון אזא פראכטפולער, באצויבערנדיקער נאטור, וואס דינט ווי עפעס הורך א מעפיסטאלעפעס אויסגעטראכטער אקאמפאנימענט צו אזוי פיל מענטשלעכער מיזעריע.

איך זע די טראגעדיע פון א פאלק, וועמענס צוויי הויפט־טיילן זענען אזוי ווייט איינער פון דעם צווייטן: צוויי פארשידענע און פיינטלעכע וועלטן. איך זע דעם אינדיאנער, דעם רוב מנין ובנין פון מעקסיקע, איינגעשלאסן אין זיך, פול מיט אומצוטרוי צו דער גאנצער אויסערלעכער וועלט, און מיט אייביקן, נישט אויסלעשבארן כעס און צארן צום צווייטן טייל פון מעקסיקאנישן פאלק — דעם מעסטיס, וועמען ער קען נישט — ארגאניש נישט, ביאלאגיש נישט — פארגעבן דעם פארראט, וואס אור־אור־עלטערן האבן באגאנגען קעגן דעם אינדיאנישן שטאם, זיך צונויפגיסנדיק מיטן ווייסן באצווינגער און שאפנדיק דורות. וואס האבן געהאלפן דעם פארשקלאפער און נאכהער אליין געפרווווט עס צו ווערן.

איך באאבאכט די דורות־לאנגע דראמע פון דעם מעסטיס,

העלכער איז פון דער אויסמישונג פון דעם ווייסן מיט דער אינדיאַנערין ארויסגעקומען אַ מענטש מיט ווונדערלעכן שארפזין, אַבער מיט אָפּגעשוואַכטן ווילן צו טאַט און שעפערישקייט; אַ מענטשן־טיפּ מיט אַ שטאַרקן אינפעריאָריטעטן־קאָמפּלעקס, וועלכער פאַראורזאַכט זיין שטענדיקע איבערגעטריבענע „בראַוווּרע" און דעם אָפּט פאַלש־קלינגענדיקן כוואַטסקן טאָן; אַ מענטש, וואָס איז שטענדיק ווי אין אַ פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציע קעגן אַ פאַרבאַהאַלטענעם שונא.

דער מעסטיס מיט זיין גאַנצער טראַגיק פון פאַראַכטן דעם אינדיאַנער, ווי אַ נידעריקערע מענטשן־קאַטעגאָריע, און מיט זיין, ביז אַ געוויסן גראַד, זעלבסט־פאַראַכטונג און אַנמעכטיקן, אָפּטמאָל אונטערבאַוווסטזיניקן כעס אויף זיך אַליין, טאַקע צוליב דעם באַוווסטזיין, אַז אין זיינע בלוט, צי ער וויל צי ער וויל נישט, איז דאָ דער אינדיאַנער. דער מעסטיס מיט זיין אינסטינקטיווער שנאה, אונטערן מאַנטל פון אומנאַטירלעכער העפלעכקייט, צום ווייסן, ווער ער זאָל נישט זיין און פון וואַנען ער זאָל נישט קומען, צוליב דער מורא, אַז ער, דער ווייסער, קוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ, מיט שפּאָט אָדער אפשר גאָר מיט רחמנות.

איך זע אויך די גאַנצע טראַגיק פון דעם אייראָפּעאיזירונגס־פּראָצעס, וואָס דער הערשנדיקער טייל פון דער באַפעלקערונג — דער מעסטיסישער — האַלט אין ארויפצווינגען אויף מיליאָנען אינדיאַנער, וועלכע ווערן ארויסגעריסן פון אַן איינגעוואָרצלטן לעבנס־שטייגער, פון אַן אייגנטימלעכן קולטור־הינטערגרונט גראָד אין אַ צייט, ווען די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע לעבט איבער דעם גרעסטן קריזיס אין איר געשיכטע; איך זע דעם גאַנצן אומזין פון וועלן זיי אריינגעבן אַ גלויבן אין ווערטן און געטער, וואָס האָבן געקראַכט אונטער דער משא פון דעם קריזיס פון דער וועלט אין איצטיקן יאָר־הונדערט. איך קוק זיך צו צו דעם גרויסן אומרעכט, וואָס ס'ווערט געטאָן די מיליאָנען מענטשן פון דעם אינדיאַנער־שטאַם צוליב דער פאַלשער לאָזונג פון „מאַך דעם צווייטן גליקלעך נישט לויט זיין אייגענעם באַגריף וועגן גליק, נאָר לויט דעם ווי דו, לויט ד י י נ ע באַגריפן, ווילסט אים זען באַגליקט".

איך קוק אויך אַנטקעגן דעם גרויסן רעוואָלט, וואָס רוקט זיך אָן אין מעקסיקע. די מיטלען, וואָס דער מעסטיס גיט דעם אינדיאַנער

אין האַנט אריין, מוזן, וועלן דעם אינדיאַנער געבן די ענדגילטיקע מאַכט אין לאַנד, און דאָס וואָס ס׳איז איצט אינסטינקטיווע קעגנזייטיקע שנאה, וועט שפּעטער ווערן באַוווסטזיניקער קאַמף, אויף טויט און לעבן. דער מעסטיס, געבנדיק דעם אינדיאַנער די שליסל צו זיין ציוויליזאַציע, טוט זעלבסטמערדערישע אַרבעט. דער אינדיאַנער וועט אים מיט זיינע אייגענע וואָפן אָראָפּוואַרפן פון דעם היסטאָרישן אויבן־אָן.

איך זע וואָס אַ מאָל קלאָרער און דייטלעכער די הויפּט־שטריכן פון דער מעקסיקאַנישער לאַנדשאַפט, און די פאַנטאַסטישע שיינקייט פון דעם אייביק־בלויען מעקסיקאַנישן הימל, און דער קאָסמישער צויבער פון די מעקסיקאַנישע בערג און טאָלן, די גאַנצע מאַכט און פּראַכט פון דעם מעקסיקאַנישן נאַטור־פּייזאַזש, טרעטן, אין מיין באַוווסטזיין, אַפּ זייער פּלאַץ פאַר דעם אומהיימלעכן בילד פון מעקסיקעס ביאָלאָגישער טראַגעדיע און סאָציאַלער דראַמע.

# די מאַפּע פון ייִדיש־לאַנד

קומט, לאָמיר מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער גרויסער אימפּעריע פון „ייִדישלאַנד“, איבער דער מלוכה, אין וועלכער, ווי ס'זאָל האָבן אַמאָל געזאָגט קאַרל דער פּינפּטער וועגן זײַנער, די זון גייט קיינמאָל נישט אונטער.

לאָמיר אָנהויבן פון אייראָפּע. זעט איר דאָרט צו מזרח צו דעם ריזיקן שטח, וואָס פאַרנעמט מער ווי אַ העלפט פון דעם קאָנטינענט? דאָס איז דער ראַטן־פאַרבאַנד, דאָס אַמאָליקע צאַרישע רוסלאַנד. דאָס לאַנד, וווּ ייִדיש איז אַמאָל געווען געיאָגט און געפּלאָגט, און וועלכעס האָט אָבער אַרויסגעגעבן די וווּנדערבאַרע ייִדיש־רוסישע אינטעליגענץ, וואָס האָט הויך געהאַלטן די פאָן פון דעם ייִדישן קולטור־רענעסאַנס. קוקט זיך צו נענטער: האַרט בײַ דער פּוילישער גרענעץ ליגט ווײַסרוסלאַנד, וואָס אירע אַרבעטער און בעל־מלאָכות האָבן דער ייִדישער שפּראַך און דעם ייִדישן פאָלקס־ליד אַזאַ אייגנאַרטיקן, עלעגישן קאָלאָריט געגעבן; דעם קאָלאָריט פון די מינסקער נישט־דערענדיקטע געסלעך און פון די וויטעבסקער צעקרימטע דעכלעך איבער וועלכע ס'פּילט „דער ייִד“ פון מאַרק שאַגאַל.

מער צו דרום צו, צעשפּרייט זיך דאָס סאַמעט־ווייכע גרינס פון די פעלדער פון אוקראַינע וואָס האָט דעם ייִדישן לשון דאָרט אַזאַ ווייכקייט געגעבן און אים אַזוי בויגיק געפורעמט. אונטער איר אויסגעשטערנטן, דורכזיכטיק־בלויען הימל האָט טוביה דער מילכיקער אין די אָוונטן, אויף זײַן אייגנאַרטיק־רירנדיקן אופן, זײַנע חלומות וועגן גערעכטיקייט פאַר דער וועלט נעחלומט.

און דאָרט, גאָר ווײַט אַרויף צו מזרח צו, העט איבער צווײ

קאנטינענטן אריבערצושפרייזן, ליגט, הארט ביי דער סיבירער טייגע, דאס לאנד פון דער אומבאקאנטער צוקונפט, וווּ דאס יידיש־לשון איז אַלמעכטיק היינט און מארגן און איבערמארגן. דאס לאנד, וואס לאָקערט און רייצט די פאנטאזיע מיט שניידיקער האָפנונג. דאס לאנד פון ביראָבידזשאן.

איצט קומט מיט מיר צוריק קיין אייראָפּע. אַט דאָרט, אין שכנות מיט אוקראַינע, אויף דער אַנדערער זייט דניעסטער, ליגט אַ לאנד, וואס זיינע יידן ליבן יידיש מיט אַן אָרגאַנישער ליבע. רומעניע הייסט עס. דאס ווינקעלע פון יידישן טעאַטער איז דאָ געשטאַנען; אברהם גאָלדפאדן האָט דאָ זיין „שולמית"־טרוים אויסגעחלומט און דעם גרונט־שטיין פאר איינעם פון די זיילן פון דער מאָדערנער יידישער קולטור געלייגט. שפּעטער האָט דאָ אליעזר שטיינבארג די יידישער שפּראַך מיט וווּנדערבאַרע משלים באַרייכערט.

אביסל ווייטער, אַרויף צום צפון־מערב, זעט איר די אָרימע ליטע מיט איר האַרטער, שטרענגער נאַטור. דאָרט גערייט אויך די יידישע שפּראַך, אָבער האַרט איז די אויסשפּראַך און אָרים אין ניואַנסן. ס'איז די שפּראַך־לאַנדשאַפט פון דוד איינהאָרנס „אָרימע בעריאָזקעלעך". שטרענג און מענגלער־דיסציפּלינירט איז דאס יידיש־לשון אין דער ליטע.

אין שכנות מיט דעם דאָזיקן לאנד, הערט זיך דאס יידיש פון לעטלאַנד און עסטאָניע, זייער אַ האַרציקס, מיט אַ שטאַרקן צומיש פון רוסיש און דייטש; דערפאר עפעס אַ יום־טובדיקס, אַזאַ ציכטיק אָפּגעוואַשענעם, שמעקט מיט אינטעליגענטישקייט.

איצט, אַז מיר האָבן זיך שוין אַרומגעקוקט אַרום און אַרום, לאָמיר אַריינשפּאַנען קיין פּוילן, וווּ דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן שאַפן די וווּנדער־שיינע סימפאָניע פון פאַרשידנאַרטיקייט פון דיאַלעקטן און פאַרבן־קלאַנג. מיר זענען אין דעם לאנד, וואס זיין יידיש און די פאָלקסטימלעכע קוואַלן, פון וועלכע די שפּראַך שעפּט איר יניקה, זענען אַן אומאויסשעפּלעכער רעזערוואָאַר פאר דעם יידיש־לאנד אין גאַר דער וועלט. דאס יידיש־לאנד פון פּרץ און אַש און קאַדיע מאָלאָדאָווסקי. דאס לאנד פון מערסטע און בעסטע יידישע שפּריכווערטער און פון די זאַפטיקסטע פאָלקס־ווענדונגען. דאס לאנד פון די צענטליקער טויזנטער תלמידים אין די יידישע פאָלקס שולן

און פון די העכסטע בארג־שפיצן פון דער מאדערנער יידישער קול־טור: פון דעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט. פוילן דאס איז דער גויהנים פאר דעם יידישן מענטשן און דער גן־עדן פאר דער מאָ־דערנער יידיש־וועלטלעכער קולטור.

כאפן מיר נאך א שפאציר איבער די יינגסטע פרוון פון יידיש זיך איינצובירגערן אין דעם נאך־מלחמהדיקן פאריז און אנטווערפן; הערן מיר זיך א ווײלע צו צו דעם שטארק פארענגלישטן און דאך היפש פאלקסטימלעכן יידיש פון לאנדאנער ווייטשעפל, קענען מיר שוין ארויספארן פון איירָאפּע און זיך צוהערן ווי נאך רעדט מען יידיש.

אט האבן מיר אויף דער מאפע קליין־אזיע. אויף א קליינעם שמאלן פאס דארט ביים ים הערן מיר ווידעראמאל יידיש. עפעס איז דא קאמף־לוסטיקעס אין דעם דאזיקן יידיש. ס'איז יידיש אין ארץ־ישראל.

און אז מיר זענען שוין אזוי נאענט פון אפריקע, טא לאמיר א שפרייז טון איבער דעם דאזיקן טראפיש־עקוואטאריעלן קאנטינענט. אנגעקומען קיין יאהאנעסבורג, הערן מיר ווידעראמאל דאס הארטלעכע יידיש פון דער ליטע. דאס האבן ליטווישע אידן זיך דא אויסגעשפרייט און אביסל שפעטער, ווען ס'מזל האט צוגעשפילט, פרויען און קינ־דער, שוועסטער און ברידער, זיידעס און באבעס, אריבערגעבראכט.

פון דרום־אפריקע קיין דרום־אמעריקע איז א קורצער וועג, כ'דארף בלויז דעם אטלאנטישן אקעאן אריבערשווימען. קומט מען אן קיין ארגענטינע, ווו יידיש האט א שטארקן אונטערטאן פון בע־סאראבישער אויסשפראך מיט „קמץ”, א זכר פון די בעסאראבער יידן, וואס זענען געווען פון די ערשטע צו „אנטדעקן” דאס לאנד פון „לא פלאטא”. דארט, אין מאזעסוויל און אנדערע יידישע קאלאניעס, נישט־דווקא אין דעם כרך בוענאס־איירעס, ווערן אויפגעהיט אוצרות פון פאלקסטימלעכקייט אין יידיש, א געוואלטיקער רעזערוואר פון שפראך־דערפארונג און שפראך־מעגלעכקייטן.

שפראצונגען פון יידיש געפינען מיר אין דעם שכנותדיקן אורוגוואי. אין דעם געוואלטיקן שטח פון בראזיל לעבט אויך דאס יידיש לשון, אבער ס'איז מער וועגעטירט, ווי געלעבט. ווייטער צום צפון איז

אין דעם אזוי עקזאָטישן, אומבאַקאַנטן מעקסיקע, איז גאַנץ אומגעריכט א קליינע, אָבער שטאַרקע יידיש־פעסטונג אויסגעבויט געוואָרן.

אַריבער די מעקסיקאַנישע גרענעץ, זענען מיר אין דעם ריזיקן יידיש־געביט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. יידיש אין די שטאַטן? א ריז, אָבער נישט אַמאָל מיט ליימענע פיס? זיין מאָרגן איז א רעטעניש, די צוקונפט נעפּלהאַפט. זיין זיגער און באַזיגער — ענגליש. נישט קיין פּריוולעגיע טעמע.

לאָמיר זיך נאָך אַריבערכאַפּן קיין קאַנאַדע, וווּ אין די קלענערע ישובים, ווי, למשל, אין וויניפּעג, איז יידיש א קולט און א שטיק נשמה יתרהדיקייט, און אונזער רייזע איבער דער וועלט־מאַפּע פון "יידישלאַנד" איז געענדיקט.

# אין יידיש-גאָרטן

(איינדרוקן פון אַ ביכער-אויסשטעלונג)

„ווילט איר אפשר זיין אַ בעלן אַנקוקן מיין שיינעם
גאָרטן — זייט זשע מוחל, קומט אַרויס, קוקט אים
אָן — אָט שטייט ער דאָרטן!"

ח. נ. ביאַליק

מ'דערציילט: דער וואַרשעווער „הזמיר" האָט אין זיין אויפבלי־ צייט אונטער י. ל. פּרץ'עס פּאַרזיצערײַ, באַשלאָסן צו פייערן אַ יובילײַ פון דוד פרישמאַן. קענענדיק דעם שאַרפן אַנטאַגאָניזם, וואָס ס'האָט געהערשט צווישן די צוויי גרויסע פּערזענלעכקייטן, איז דער עולם גע־ ווען געשפּאַנט צו זען, ווי וועט עס פּרץ, אַלס פּאַרזיצער, איינלייטן דעם פייערלעכן אָוונט לכבוד זיין שטענדיקן קעגנער.

ענדלעך איז דער פייערלעכער מאָמענט געקומען. פּרץ האָט זיך אויפגעשטעלט און, אַרויפלייענדיק זיין האַנט אויף דוד פרישמאַנס געזאַמלטע שריפטן אין יידיש, וועלכע זענען געלעגן אויף דעם פּרעזידיום-טיש, האָט ער אומגעפער אַזוי געזאָגט:

— מיין קעגנער, דער סקעפּטיקער דוד פרישמאַן, גלויבט, אַז ס'איז נישטאָ קיין פאָלק, נישטאָ קיין שרייבער, נישטאָ קיין ליטעראַ־ טור. אָבער וואָס זעען מיר? דאָ געפינט זיך פאַרזאַמלט דאָס פאָלק. צו וואָס איז עס זיך היינט צוזאַמענגעקומען? אָפּצוגעבן כבוד אַ שרייַ־

בער. פאר וואס? אַט פאר אַט די בענדער גלענצענדיקע ליטעראַטור, וואָס ער, דער שרייבער, האָט דעם פאָלק געשענקט. אַלזאָ, איז דאָ אַ פאָלק, ס׳זענען דאָ שרייבער, ס׳איז דאָ אַ ליטעראַטור, און אַט דאָס איז מיין גרעסטע נקמה אַן דוד פרישמאַן.

איך האָב זיך דערמאָנט דעם דאָזיקן עפּיזאָד, ווען איך האָב זיך צוגעהערט צו דעם פּראָזאישן לייענען פון דער ביכער־רשימה אין צוזאמענהאַנג מיט אַן אַקציע פאַרן יידישן בוך דאָ אין לאַנד. יאָ, האָב איך געקלערט, ס׳איז דאָ אַ ליטעראַטור, אַ צווואַקסנע, אַ ברייט פאַרצווייגטע, אַזאַ ליטעראַטור, וואָס ווען איר פאַרנעם האָט י. ל. פּרץ אַליין נאָך געוויס נישט געוואָגט צו חלומען.

ווען דער גרויסער יידישער דיכטער איז געזעסן ביים פּרעזידיום טיש אין טשערנאָוויץ, מיט זיבן און דרייסיק יאָר צוריק, האָט מען געקלערט ווען געבן דער יידישער שפּראַך אַ סטאַטוס, לעגאַליזירן זי, אַזוי צו זאָגן, אין די אויגן פון דער וועלט און גלייכצייטיק אויפ־הויבן איר מצב אין די אויגן פון די יידישע מאַסן.

דער יידישער קולטור־רענעסאַנס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן, אָבער אויסער די קלאַסיקער: מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ און די גרופּע „יונגע״ איז נאָך נישט געווען מיט וואָס ארויסצוקומען פאַר דער גרויסער וועלט. די ליטעראַטור איז געווען באַגרענעצט מיטן געביט פון בעלעטריסטיק און לידער. די קריטיק און דער עסיי האָבן זיך נאָך נישט געהאַט פאַרוואָרצלט, ס׳האָט געפעלט דער ברייטערער פאַרנעם.

אָבער אַט זענען דורכגעגאַנגען בלויז עטלעכע און דרייסיק יאָר, און עס זענען וווּנדער געשען. אין אייראָפּע און אין אַמעריקע האָט זיך די יידיש שפּראַך דעראָבערט איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער. וועלט קריג און רעוואָלוציע האָבן פאַר איר נייע האָריזאָנטן געעפנט, און צווישןביידע מלחמות. איז יידיש דערהויבן געוואָרן צו אַ ערשט ראַנגיקן קולטור־אינסטרומענט. נישטאָ איצט כמעט קיין איין געביט פון אינטעלעקטועלער אָדער קינסטלערישער טעטיקייט, וואָס זאָל אין יידיש נישט זיין פאַרטראָטן. נישטאָ מער די טעמע, וואָס זאָל נישט קענען, צוליב אָרימקייט אין אויסדרוקס־מיטלען, באַהאַנדלט ווערן אין יידיש. בלויז אומהיילבאַרע סנאָבס, וואָס פּרעטענדירן אויף „אינטעליגענץ״, גלויבן נאָך, אַז יידיש איז זיי נישט גענוג אויף אַ

אויסצודריקן זייערע געדאנקען אדער, בעסער געזאגט, געדאנקען־אָרימקייט.

וואָס האָבן מיר שוין נישט אין יידיש? ראשית כל דעם תנך: יהואשעס לעבנס־ווערק, האָט אויפגעטון פאַר יידיש דאָס זעלבע, וואָס לוטערס ביבל־איבערזעצונג פאַר דעם אויפבלי פון דייטש אַלס ליטעראַטור־שפּראַך. ווי גרויס און וויכטיק אונזערע קלאַסיקער זאָלן נישט זיין, אַזוי לאַנג ווי דער תנך האָט געפעלט אין יידיש, האָבן מיר נאָך נישט געהאַט דעם פולשטענדיקן באַזיס צו פאַרלאַנגען וועלט־אָנערקענונג פאַר דער יידישער שפּראַך. יהואש האָט עס פאַרשטאַנען און געעפנט פאַר יידיש די טויערן אין די גרויסע וועלט אַריין.

און יידיש האָט אַלץ מער די וועלט אין זיך איינגעזאַפּט דורך איבערזעצונגען פון דעם שענסטן און בעסטן פון דער וועלט־ליטעראַטור, און גלייכצייטיק געוואַקסן אַלס קולטור־שפּראַך, אויסדריקנדיק אין בעלעטריסטישער פאָרם און אויך אין פערזן וואָס אַמאָל פיינער, ראַפינירטער און גענויער אַלערליי מעגלעכע ניואַנסן פון יידישן און אַלמענטשלעכן לעבן. שלום אש, לייוויק, אָפּאַטאָשו, פרץ־הירשביין, ליעסין, רייזען און אַנדערע גרויסע טאַלאַנטן האָבן ווייטער געצויגן די פריערדיקע טראַדיציע פון די „קלאַסיקער". אין דער פּאָעזיע איז יידיש דערגאַנגען צו אַזאַ בויגעוודיקייט, אַז נישט נאָר שרייבן יידישע פּאָעטן מוזיקאַליש זייערע אייגענע דיכטונגען, נאָר ס'איז פאַרשוווּנדן געוואָרן די פּראָבלעם פון שפּראַכלעכער שוועריקייט ביים איבערזעצן דיכטונגען פון אַנדערע שפּראַכן. עס שפּרודלט מיט זאַפטיקייט, פרישקייט און יאַדערדיקייט אין דעם היינטצייטיקן יידיש.

ליטעראַטור־געשיכטע, ליטעראַטור־קריטיק, פּסיכאָלאָגיע און פילאָזאָפיע, סאָציאַלע וויסנשאַפטן און פּראָבלעמען פון קונסט, די דאָזיקע אַלע געביטן און אַ סך אַנדערע זענען שוין אין יידיש אַזוי שטאַרק און גרינטלעך פאַרטראָטן, אַז אויב אימיצער האָט נישט די מעגלעכקייט זיך דורכצושלאָגן צו בילדונג און קולטור דורך אַנדערע שפּראַכן, קען ער עס שוין דורך יידיש זייער גוט דערגרייכן. דער פאַקט פון דעם דערשיינען פון דער יידישער ענציקלאָפּעדיע, איז די זיכערסטע גאַראַנטיע פאַר דעם.

דאָס יידישע בוך איז אויסגעוואַקסן דורך די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר אי אין פאָרמעלן, אי אין אינהאַלטלעכן פאַרנעם, וויל

יידיש האָט אויפֿגעבליט און זיך פֿאַרוואַנדלט פֿון אַ פֿאָלקס־שפּראַך, שפּעטער נאַציאָנאַל־שפּראַך, צו אַן ערשט־קלאַסיקער קולטור־שפּראַך· וואָס איז פֿאַר די ברייטע יידישע פֿאָלקס־מאַסן אַ זיכערע בריק צו די גייסטיקע אוצרות פֿון אַלע פֿעלקער, און גלייכצייטיק דער פֿיינפּיליקסטער אינסטרומענט דורך וועלכן ס'קומען צום אויסדרוק זייערע אינדיווידועלע, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע איבערלעבונגען, פֿאַרגאַנגענהייטס־דערינערונגען און צוקונפֿטס־טרוימען·

— 2 —

לאָמיר זשע זיך דורכגיין צווישן די טישלעך און וואַרפֿן אַ בליק אויף די עקספּאָנאַטן· איז דאָ מיט וואָס צו באַרימען זיך, מיט וואָס צו שטאָלצירן?

געוויס· די אויסגעשטעלטע ביכער זענען אַ נחת פֿאַרן אויג, אַ פֿאַרגעניגן פֿאַרן אינטעלעקט און אַ ריזיקע סאַטיספֿאַקציע פֿאַרן באַוווסטזיין פֿון יעדן מאָדערנעם יידן· די ריין־אויסערלעכע זייט, ווי פֿאָרמאַט, גראַווירן, פּאַפּיר, דרוק און איינבונד, קען באַפֿרידיקן דעם שטרענגסטן ביבליאָפֿיל· ס'זענען דאָ אויסגאַבן, וואָס קענען זיך דרייסט פֿאַרגלייכן צו די גאָר בעסטע פֿון די אָנערקענטע פֿאַרלאַגן אין איראָפּע און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן· אַזעלכע מאָנומענטאַלע אויסגאַבן, ווי די „יידישע ענציקלאָפּעדיע", זלמן רייזינס לעקסיקאָן פֿון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע, און אַנדערע פֿון ענלעכן פֿאַרנעם, זענען לעבעדיקע עדות פֿון דעם ריזיקן וווּקס פֿון דער מאָדערנער יידיש־וועלטלעכער קולטור. ענציקלאָפּעדישע אויסגאַבן באַוויזן זיך שטענדיק דאָרט, ווו דער סכום וויסנשאַפֿטלעכע, ליטעראַרישע און קינסטלערישע דערפֿאַרונגען זענען שוין דערגאַנגען צו אַ מדרגה, וואָס פֿאָדערט איינטיילונג לויט געביטן, סיסטעמאַטיזירונג און קלאַסיפֿיצירונג און ס'איז פֿרייד צו קאָנסטאַטירן, אַז יידיש האָט און קלאַסיפֿיצירונג און ס'איז אַ פֿרייד צו קאָנסטאַטירן, אַז יידיש האָט אים שוין·

לאָמיר אויף שנעל איבערבליקן די ערשטע בעסטע נעמען פֿון אויטאָרן, וואָס וואַרפֿן זיך אונז אין די אויגן· אָט ליגט די יידישע איבערזעצונג פֿון אַ מסכתא פֿון תּלמוד, פּראַכטפֿול אַרויסגעגעבן, און אָט ווינקט צו אונז די לעבנס־קלוגקייט פֿון נחמן ברעסלאָווערס

מעשיות. איציק מאנגערס חומש־לידער פארמעסטן זיך אין שיינ־קייט מיט דעם דערביי־ליגנדיקן „אונזער ליד פון שפאניע”, פון י. י. שווארץ.

מיט וואס פאר א פיעטעט זענען ארויסגעגעבן געווארן די גע־זאמלטע ווערק פון דעם ליב־הארציקן, אזוי אומשולדיק־סענטימענ־טאלן יעקב דינעזאן! און דערנעבן ליגן די ביכער פון דעם וואגיקן, קערנדיק־געזונטן מ. ספעקטאר. איר האט דא דעם „איירא־פעאיזירנ־דיקן” גייסט פון דעם גייסטפולן, דורך און דורכיקן יידן דוד פריש־מאן. בעל־מחשבות׳עם ערודיציע און קריטישער פארנעם האט פאר א שכן ש. ניגערס בענדער פון מייסטערהאפטע קריטישע איינדרוקן פון דעם בעסטן יידישן לייענער. און נעבן זיי די איינציקארטיקע עסייען פון דעם גרויסן מייסטער פון דעם יידישן סטיל, דעם אומ־פארגעסלעכן ד”ר קאראלניק. די אומאויסשעפלעכע אוצרות פון מענ־דעלי מוכר ספרים, י. ל. פרץ און שלום עליכם, וואס וואלטן פארנו־מען אן אויבן־אן אין יעדער ביכער־אויסשטעלונג, באשיינען די דא־זיקע אויסשטעלונג נאך מער. די ווערק פון יעדן פון זיי זענען פרעכ־טיק ארויסגעגעבן און ס׳נעמט אן א גאר שטארקער חשק זיך איינ־צושאפן די דאזיקע גרונט־ביבליאטעק פון אונזערע קלאסיקער.

אבער דער נאכוווקס פארשעמט נישט די בויער פון דער יידי־שער ליטעראטור. אט האט איר, אלץ אין פראכט־אויסגאבן, די פול־בלוטיקע און שווער־וואגיקע בענדער פון שלום אשם פראזע; אונזער הארציקן פאלקס־זינגער אברהם רייזען; דעם וועלט־בארייזטן און יידיש פאראנקערטן פרץ הירשביין; דעם וווּנדערבארן מענטשן־קע־נער און גרינטלעכן אנאליטיקער פון די יידישע פאלקס־שיכטן, דוד בערגעלסאן; דעם שטענדיק צוטרעפלעכן ווארט־קינסטלער און מיט נעדאנקען בליצנדיקן משה נאדיר, און דעם גרויסן קינסטלער פון די היסטארישע און סאציאלע קווער־שניטן דורכן יידישן לעבן, יוסף אפאטאשו.

און צווישן אט די אלע ביכער גלאנצט ארויס די קרוין פון דער היינטצייטיקער יידישער ליטעראטור: ה. לייוויק, דער דיכטער פון אוניווערסאלן פארנעם, פון אלמענטשלעכע ליידן און פון אומפאר־גלייכלעכער פילבארקייט פאר דער יידישער שפראך און פארם.

ווייטער אביסל פרעזענטירן זיך יידישע וויסנשאפטלער. אט

איז ד"ר צינבערג מיט זיין מאָנומענטאַלער „געשיכטע פון ליטע־ראַטור ביי יידן", און אַט האָבן זיך ברייט אויסגעלייגט ד"ר שי־פערס פיל־בענדיקע היסטאָרישע פאָרשונגען. יעקב לעשטשינסקיס מוסטערהאַפטע עקאָנאָמישע שטודיען האָבן אויך עפּעס וואָס צו זאָגן אונז. און פאַרגעסט נישט אַריינצוקוקן אין ד"ר זשיטלאָווסקיס דיקע בענדער, אין וועלכע דער פילאָזאָף, דער פובליציסט און דער ערנסטער דענקער פון די יידישע קעגנוואַרטס־פּראָבלעמען, פאַרנעמען יעדער אַן אַרט, וואָס וואָלט געווען גענוג צו פאַרזיכערן אים אַן ערן־פּלאַץ אין דער יידישער געשיכטע. און צוזאַמען מיט זשיטלאָווסקין — דובנאָוו, דער היסטאָריקער, וואָס האָט אַריינגעגעבן אַ נייעם, לע־בעדיקן און אָפּטימיסטישן גייסט אין דער יידישער קעגנוואַרט דורך זיין געשיכטע פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט. און אַ פאַסנדיקער שכן זענען די פּרעכטיקע, מיט לעבעדיקער וויסנשאַפט אָנגעפּילטע, בענדער פון די „ייוואָ"־אויסגאַבן.

אָבער גענוג מיט די בליץ־איינדרוקן פון די יידישע נעמען אויף די ביכער פון דער אויסשטעלונג. אַט זענען עטלעכע פון די נעמען פון איבערזעצטע אויטאָרן: געטהע, בייראָן און איבסען; האָמער, טשאַרלז דאַרווין און אַנרי בערגסאָן; גאָגאָל, דאָסטאָיעווסקי און גאָרקי; קאַרל מאַרקס, לעוו טאָלסטאָי און קנוט האַמסון; מאָפּאַסאַן, אַנאַטאָל פראַנס און סטעפאַן צווייג; ראָמען ראָלאַן, געאָרג בראַנדעס און טאָמאַס מאַן; — אַט האָט איר בלויז איניקע פון זיי. נישטאָ כמעט קיין איין גרויסער שאַפער אויפן געביט פון ליטעראַטור, קונסט און וויסנשאַפט, וואָס זיין נאָמען זאָלט איר נישט געפינען אין דער ליסטע פון דער ביכער־אויסשטעלונג. אַלץ, זאָגט יידיש, וואָס עס איז גוט פאַר דער וועלט־קולטור, איז גוט פאַר דעם מאָדערנעם יידיש־לייענער. ס'איז אַ רייכקייט, וואָס מעג אונז אָנפילן מיט שטאָלץ און איניקער באַפרידיקונג.

# די גערבורט פון דער „צוקונפט"

די אימיגראַנטן־מאַסן, וואָס דער שטראָם פון די אַכציקער יאָרן האָט געבראַכט צו די ברעגן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן נאָך, קולטורעל, געוווירט. די דערינערונגען פון דער אַלטער, נאָר וואָס פאַרלאָזענער היים, זענען געווען צו פריש, און די אַרומיקע נייע סביבה איז געווען צו פרעמד, צו ווילד־פרעמד, אַז די מאַסע זאָל האָבן גע־קענט לייכט איבערגיין צו די נייע לעבנספאָרמען פון דעם רעטונג פּלאַץ, וועלכער איז אויך געווען אַ טרערן־אינזל.

אָבער אויב אין לעבן פון די ברייטע מאַסן זענען די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע געווען אַ גײַסטיקער בין־השמשות, איז נאָך פיל טראַגישער געווען די לאַגע פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז, אַלס אַ טייל פון דעם ריזיקן שטראָם, אַריבערגעקומען אין קאָ־לומבוסעס מדינה. אין ניו־יאָרק און אין טשיקאַגאָ, אין פילאַדעלפיע און באָסטאָן, זענען זיי, די יידיש־ראַדיקאַלע אינטעליגענטן אַרומגע־גאַנגען ווי אין היִנערפּלעט. יידישע אינטעליגענטן און דאָך ווייט פון די יידישע מאַסן, ווייל דורך און דורך אַסימילירט מיטן גייסט פון רוסיש און פון רוסישן לעבן און זיינע פּראָבלעמען, איז די סיטואַציע פון דעם דאָזיקן אימיגראַנטן־עלעמענט געווען אַ ביז גאָר אייגנאַרטי־קע. אַריינגיין גלייך אין אַמעריקאַנער לעבן — נישט זיי האָבן גע־קענט, צוליב דער שפּראַך־שוועריקייט, און נישט זיי האָבן געהאַט וווּ־הין, ווייל אין דעם אַמעריקאַנער פאָלק האָט נאָך דאַן דער ראַדיקאַ־לער, שוין נישט זאָגן סאָציאַליסטישער, געדאַנק קיין שום פּלאַץ

נישט פאַרנומען. אָבער אויך פון דעם יידישן לעבן זענען זיי געשטאַ־נען ווייט, צוליב זייער רוסיש־אַסימילירטקייט און צוליב זייער מורא פאַר יידיש־נאַציאָנאַלע לעבנס־פאָרמען, וועלכע זיי האָבן, אין זייער אַסימילאַטאָרישן אייפער, וואָס זיי פלעגן אָנרופן „קאָסמאָפּאָליטיזם", געזוכט צו פאַרוואַרפן. זיי האָבן געקוקט אויף די אייגנאַרטיקייט פון דעם יידישן לעבנס־שטייגער פון אויבן אַראָפּ.

די יידיש־ראַדיקאַלע אַמעריקאַנער אינטעליגענץ פון יענער צייט האָט, לעבנדיק פיזיש אין אַמעריקע, נאָך אַלץ געאָטעמט די גייסטיקע לופט פון די רוסישע „דיקע זשורנאַלן". אַ נייסטער אַרטיקל אין קאָ־ראָלענקאָס „רוסקאַיאַ באָגאַטסטוואָ" אָדער אין אַרסעניעווס „וויעסט־ניק יעוורָאָפּי" האָט זיי געקענט מאַכן אויפפלאַמען אין אַ לייִדנשאַפט־לעכע דעבאַטע, אָבער פּרעזידענטן־וואַלן אין די פאַרייניקטע שטאַטן, אין דעם לאַנד, וואָס זיי האָבן דאָרט אַ שטענדיקע היים געדאַרפט אויפבויען, האָבן זיי געלאָזן קאַלט. נישט אומזיסט איז געשאַפן גע־וואָרן דער נאָמען „איסט־בראָדווייסקאַיאַ אוליצאַ" פאַר „איסט בראָד־וויי", דער געגנט, וווּ ס'האָט זיך קאָנצענטרירט די יידישע אימיגראַנ־טישע אינטעליגענץ אין ניו־יאָרק.

אָבער מענטשן מיט אַ גייסטיקן באַגאַזש און מיט אַן אָרגאַני־שער נויטווענדיקייט אים אויסצולאָזן, האָבן די ראַדיקאַלע אינטעלי־גענטן נישט געקענט אייביק אַרומגיין אין אַ עולם התוהו. ס'איז מיט דער צייט געוואָרן פאַר זיי אַ לעבנס־פראַגע זיך צו פאַראַנקערן און אָנהויבן ווערן פּראָדוקטיוו, צו פילן זיך שעפעריש און נוצלעך. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ מין „כאָזשדיעניעוונאַראָד", אַ מין „גיין אין פאָלק" אויף די ברעגן פון האַדסאָן. ברענגען סאָציאַליזם אויף יידיש, אָט דאָס איז געווען דער נייער לאָזונג. פאַר די פאַרווירקלעכונג פון דעם דאָזיקן ציל האָבן זיך די פירער פון דער ראַדיקאַלער אימיגראַציע אַ נעם געטון מיטן גאַנצן ברען, אויף וועלכן ס'זענען פעיק מענטשן, וואָס נאָך לאַנגן אַרומוואַנדערן איבער אַ מדבר, האָבן זיי ענדלעך דערזען נישט קיין פאַטאַ־מאָרגאַנאַ, נאָר אַן אמתן אָאַזיס. זיך אויסלעבן, אויס־ברענען די אייגענע נישט פאַרברויכטע ענערגיע, אָט דער דאָזיקער פאַרלאַנג איז געשטאַנען הינטער דעם באַנייטן ענטוזיאַזם, הינטער דעם „שטורם און דראַנג" פּעריאָד פון דער פּיאָנערישער סאָציאַליס־

טיש־קולטורעלער טעטיקייט אין ניו־יאָרק און איבערן גאַנצן לאַנד פון קאָלומבוס.

זאָגט מען אָבער „אלף", מוז מען אויך זאָגן „בית", אָנערקענט, אַז עס איז דאָ אַן אייגנאַרטיק יידיש לעבן, וואָס איז באַרעכטיקט, אַז די ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ זאָל זיך מיט אים פאַר־נעמען, האָבן די גרופּן, וואָס זענען קלאָר און אָפן אַוועק אין יידישן לעבן, געמוזט איינזען, אַז דאָס דאָזיקע לעבן האָט אויך דערשיינונגען פון העכסטן קולטורעלן און גייסטיקן ווערט; דערשיינונגען, וואָס זוכן אַ ליטעראַרישן תיקון און וואָס ווילן זיך אויסגיסן סיי אין דער קינסט־לערישער פראָזע און פּאָעטישער שאַפונג, סיי אין דער פאָרם פון דעם טיף דורכגעקלערטן און בעסער אָנגעשריבענעם פּובליציסטישן אַרטיקל, און סיי אין דער וויסנשאַפטלעכער אָפּהאַנדלונג, וואָס לייענט זיך לייכט און גלאַט און וואָס קאָסט אָבער טעג און וואָכן פון אָנגעשטרענג־טער קאָבינעט־אַרבעט.

אזוי איז אַנטשטאַנען די „צוקונפט", דער חודש־זשורנאַל, וועלכן ס'איז באַשערט געווען צו ווערן אַ פונדאַמענטאַלע קולטור־אינסטיטו־ציע אין מאָדערנעם יידישן לעבן.

# „ייווא"

ווי א צייט פון פארן מבול קומט אונז איצט פאר די עפאכע אין וועלכער י. ל. פרץ האט פראקלאמירט זיין לאזונג פון א קולטור רע־נעסאנס פאר די יידישע מאסן, אין זיין בארימטן ארטיקל „בילדונג". אין דעם האלבן יארהונדערט וואס שיידט אונז אפ פון פרץ־עס קולטור מאניפעסט, האט דאס גייסטיקע לעבן פון די יידישע מאסן אין מזרח אייראפע, פאראייניקטע שטאטן און ארגענטינע געמאכט א ריזיקן פאר־טשריט.

ווען מיר לייענען די נייעס, וועגן דעם וועלט־צוזאמענפאר פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט, גלויבט זיך גארנישט אז מיר זע־נען בלויז פופציק יאר דערווייטערט פון דער צייט ווען פרץ האט גע־טרוימט וועגן א ביסל עלעמענטארע בילדונג פאר די יידישע מאסן. (1)

מיט פרייד און שטאלץ קוקן מיר אויף דעם אפגעגאנגענעם וועג פון דעם יידישן קולטור־רענעסאנס, ווייל ס'איז דא מיט וואס צופרידן צו זיין און מיט וואס צו שטאלצירן. פון שמר אין דער ליטעראטור, און דער ישיבה אלס בילדונג־צענטער, ביז לייוויק און דעם יידישן וויסנ־שאפטלעכן אינסטיטוט, איז א ריזן־שטרעקע.

פון „זשארגאן" די שפחה ביי דער הארנטע העברעאיש; פון דער שפראך וועלכע איז געוועזן גוט בלויז פאר וואכנטעג, אבער נישט פאר שבת־יום־טוב אין יידישן לעבן, ביז יידיש, א נאציאנאל שפראך פון

---

**(1) געשריבן לכבוד דעם 10־יאריקן יובילײ פון „ייווא".**

דעם ווייט גרעסטן טייל פון יידישן פאָלק, איז אַ קאָלאָסאַלער אונטער־שייד, וועלכער געפינט זיין קלאָרסטן אויסדרוק אין דעם יובילײ צוזאַמענפאָר פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

זיבן און צוואַנציק יאָר נאָכדעם ווי אין טשערנאָוויץ איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, אַז יידיש איז נישט בלויז אַ פאָלקס שפּראַך פאַר וואָכעדיקן געברויך, נאָר פיל מער: אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק, ציט אונטער דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט דעם ערשטן סך הכל פון אַפגעטאָענער אַרבעט, און וואָס זעען מיר? פון די טיפסטע טיפעניש פון די יידישע פאָלקסמאַסן אין מזרח אייראָפּע און אין אַנדערע טיילן וועלט, קומט די אַנערקענונג פון איר וויכטיקייט און נוצלעכקייט. פון אומעטום — אַ האַרציקע באַגריסונג און דער הייסער ווונטש, אַז זיין טעטיקייט זאָל פאַרפילפאַכט ווערן.

ווייל נישט קיין „חכמת היהדות" טרייבט ער; נישט מיט קיין מאָמיפיצירטער וויסנשאַפט גיט ער זיך אָפּ. אין ענגסטן קאָנטאַקט מיט די האָראָפּאַשנע יידישע מאַסן, פלייש פון זייער פלייש און בלוט פון זייער בלוט, פירט דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט זיין פאָרשונגס און באַלערונגס טעטיקייט מיט איין און איינציקן צוועק: בעסער מאַכן, געזונטער מאַכן, שענער מאַכן דאָס לעבן פון די יידישע מאַסן!

די יידישע אינטעליגענץ דעם יידישן פאָלק, דורך דער יידישער שפּראַך! די דאָזיקע טענדענץ פון נאָרמאַליזירן די באַציאונג פון דעם יידישן וויסנשאַפטסמאַן צו די יידישע מאַסן, פאַרקערפּערט און פאַרווירקלעכט דער אינסטיטוט אין ווילנע. די ברייטסטע שיכטן פון יידישען פאָלק פילן אָט דעם דאָזיקן צוגאַנג, און פון אַלע טיילן וועלט. פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקלעך, שטראָמט סימפּאַטיע, ליבע און איבערגעגעבנהייט צו דער צענטראַלער אינסטיטוציע פון דעם קולטור רעגעסאַנס פון די יידישע פאָלקס מאַסן.

אַ מערקווירדיקע זאַך: אַן וועלכער ס'איז רעגירונגס סובסידיע, וואָס אַן דעם איז די עקזיסטענץ פון אַן אינסטיטוציע פון דעם האָזיקן פאַרנעם גאָר אומדענקבאַר, בליט און געדייט דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, אפשר טאַקע דערפאַר וואָס דער אינסטיטוט אין ווילנע איז נישט קיין אָרגאַן פון איין איינציקער פּאַרטיי, נאָר פון אַלע

פארשריטלעכע עלעמענטן אויף דער יידישער גאס, וואס שטייען מיט ביידע פיס אין דער יידישער ווירקלעכקייט. דער יידישער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט פארקערפערט דעם רעאליזם פון די פאלקס־מאסן און זייער שטרעבן צו א בעסערן און ליכטיקערן מארגן.

די פארלוימדער פון יידיש האבן שטענדיק, ווענדיק ארונטערדייסן איר קולטור באדייטונג, אונטערשטראכן, אז יידיש איז בלויז גוט „פאר לידלעך און דערציילונגען". אבער נישט מער. א מאל האט דורך זיי גערעדט די עם־הארצות און אמאל דער קלאסן־אינסטינקט, וואס האט זיי אונטערגעזאגט אז יידיש אלס קולטור אינסטרומענט פון די יידישע מאסן איז א געפערלעך כלי זיין. וואס וועלן זיי זאגן איצט, ווען ס'איז שוין נישטא כמעט קיין איינציקער געביט פון גייסטיקן שאפן וואס דער אינסטיטוט אין ווילנע זאל נישט ארייננעמען אין זיין טעטיקייט קרייז?

געשיכטע, עקאנאמיק, סטאטיסטיק, פעדאגאגיק, פסיכאלאגיע, פילאזאפיע, קונסט, שפראך־וויסנשאפט און ליטעראטור־געשיכטע, דאס אלץ פארשט דער אינסטיטוט אויף א גרונטלעכן אקאדעמישן אופן, און באקענט די יידישע מאסן מיט זיך אליין דורך זיינע אויסגאבן און פארעפנטלעכונגען. און אלץ אין יידיש, וואס איז געווארן פון א ארימען „מאמע לשון" א שפראך פון א ברייט פארצווייגטער וויסנשאפט, קונסט און ליטעראטור.

ווען נחום שטיף האט געשריבן זיין פראיעקט פון יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט, האט ער אליין נישט געטרוימט וועגן דעם, אז צו איר צען יאריקן יובילי, וועט שוין די ווילנער קערפערשאפט זיין א גלייכבארעכטיקטער מיטגליד אין דער געמיינשאפט פון אלוועלטלעכע וויסנשאפטלעכע אינסטיטוטן; אז זיינע ארבעטן וועלן באהאנדלט ווערן אין די בארימטסטע אינטערנאציאנאלע אקאדעמישע אויסגאבען, און אז די אנפירער פון „ייווא" וועלן אויפגענומען ווערן אין אקספאר און קעמברידזש, מיט דעם גרעסטן כבוד, וואס אן אוניווערזיטעט קען צוטיילן.

אז די ענציקלאפעדיע אין יידיש איז א דירעקטער רעזולטאט פון דער טעטיקייט פון דעם ווילנער יונגן און שוין אזוי בארימטן אינסטיטוט, איז דאך אפגערעדט, די ענציקלאפעדיע, וועלכע איז דער

בעסטער באַווייז פון דער אומדערשעפּלעכער קולטור־ענערגיע פון דער יידישער שפּראַך, איז אַ פּראָדוקט פון דער פּאָרטשריטלעכער יידישער אינטעליגענץ וואָס האָט באַגריפן איר פליכט צו דינען די יידישע מאַסן אין זייער שפּראַך, און דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט איז געווען דער אינספּירירנדיקער פאַקטאָר ביי דער דאָזיקער מאָלאָסאַלער אונטערנעמונג.

# אונזער „ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ"

אין קולטור־לעבן פון יעדן ציוויליזירטן פאָלק זענען דאָ געוויסע מאָמענטן, געשעענישן, דערשיינונגען, וועלכע זענען פון אַזאַ געוואַלטיקער וויכטיקייט, אַז זיי ווערן שפּעטער באַטראַכט פון דעם היסטאָריקער ווי ווענד־פּונקטן, וואָס שליסן אָפּ קאַפּיטלען אין דעם לעבן פון פאָלק און דינען גלייכצייטיק ווי אויסגאַנג־פּונקטן פאַר נייע קולטור־עטאַפּן.

צו אַזעלכע טראַנסצענדענטאַלע קולטור־געשעענישן האָט געהערט, צום ביישפּיל, דאָס דערשיינען פון דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע" אין דער איטאַליענישער שפּראַך, וועלכעס האָט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין דעם קוק פון די הונדערט־פּראָצענט לאַטייניזירטע קולטור־עלעמענטן פון איטאַליע, און האָט דורכגעבראָכן אַ וועג צו דער עמאַנסיפּאַציע פון איטאַליעניש ווי דעם קולטור אינסטרומענט פון דעם איטאַליענישן גייסטיקן לעבן און אויסדרוק־מיטל פון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער וועלט אין איטאַליע.

ווען מאַרטין לוטער האָט פאַרעפנטלעכט זיין איבערזעצונג פון דעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט אויף דייטש, האָט ער מיט זיין היסטאָרישן אויפטו צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דעם אויפבלי פון דער דייטשער שפּראַך אַלס גלענצנדן קולטור אינסטרומענט פאַר די שפּעטערדיקע געטהע'ס און שילערס.

אָבער עס זענען אויך דאָ אין דעם קולטור לעבן פון פעלקער מאָמענטן, ווען, נאָכדעם ווי די קולטורעלע אַנטוויקלונג איז דורך דעם

צובליען זיך פון זייער שפראך אלס רעצידירנדן קולטור־פאקטאר, שוין געזיכערט געוואָרן, דאַרף געמאַכט ווערן אַ סך הכל. ס'קומט די צייט זיך אומצוקוקן אויף דעם דורכגעגאַנגענעם וועג אין דער קולטורעלער אַנטוויקלונג, און צו קריגן אַן איבערבליק אויף די פּערספּעקטיוון. גלייכ־צייטיק ווערט אויך נויטיק צו שאַפן זיך אַ בילד נישט בלויז פון אייגענעם פאָלקס־לעבן, אין זיין פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, נאָר אויך פון דער וועלט אין ברייטסטן זין פון וואָרט.

די ראַזיקע נויטווענדיקייט האָבן גלענצנד פאַרשטאַנען ד'אַלאַמ־בער און די איבעריקע פראַנצויזישע דענקער, קינסטלער און וויסנ־שאַפטלער, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן פּראָגרעס מיט זייער מאָנומענטאַלן אויפטו פון צוגרייטן און אַרויסגעבן די ערשטע ענציקלאָפּעדיע. די דאָזיקע גרויסע גייס־טער פון אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן מיט דער ענציקלאָפּעדיע אַ שטויס געטאָן דעם מענטשלעכן געדאַנק פאָרויס אין נישט קיין קלענערער מאָס, ווי די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, צו וועלכער זי האָט, אגב, נישט ווייניק ביי־געטראָגן.

זינט דעם דערשיינען פון אָט דער ענציקלאָפּעדיע, האָט יעדעס צי־וויליזירט פאָלק באַטראַכט פאַר זיין חוב צו פּרעזענטירן זיך פאַר דער קולטור־וועלט מיט זיין אייגענער ענציקלאָפּעדיע, אין וועלכער, אין דער זעלבער צייט, וואָס עס ווערט געמאַכט אַ סך־הכל פון דעם צוש־טאַנד פון דער וועלט־קולטור און ציוויליזאַציע, ווערט ספּעציעל אונ־טערגעשטראָכן — אין אַרטיקלען, עסייען, מאָנאָגראַפיעס און גאַנצע בענדער דאָס וואָס דאָס דאָזיקע פאָלק האָט אליין ביי־געשטייערט צום אַלמענטשלעכן פּראָגרעס, און דאָס וואָס גיט אים זיין אייגענעם אויסזען אין דעם אַלגעמיינעם בילד, זיין אייגענע שטימע אין דעם אָרקעסטער פון דער וועלט־קולטור.

דעם העכסטן אויסדרוק פון אָט דעם אַלעם, די גרעסטע פאָלקאָ־מענהייט אויף דעם דאָזיקן געביט, האָט ביז איצט דערגרייכט די „ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ".

---

אונזער מאָדערנע יידישע קולטור אויף דער יידישער שפּראַך האָט שוין אויך דערגרייכט די דאָזיקע שטופע פון רייפקייט, אויף וויפל זי קען געאורטיילט ווערן לויט די אויבן אַנגעוויזענע סמנים.

דאס, וואס דאנטע האט אויפגעטאן פאר איטאליעניש און לוטער פאר דייטש, דאס האט ביי אונז יהואש אויפגעטאן פאר יידיש. אזוי לאנג ווי דער ספר הספרים, דער תנ"ך, איז געבליבן אויסערהאלב די גרעניצן פון דער קולטור־ספערע אין יידיש, איז יידיש נאך נישט געווען אויסגעוואקסן צו דער ראלע פון אן ערשקלאסיקן אינסטרומענט פון נאציאנאלער קולטור. יהואשעס מאנומענטאל לעבנס־ווערק האט געגעבן אונזער שפראך די קולטור חשיבות, וועלכע עס האט איר פריער געהאט געפעלט. דער תנ"ך אין יידיש איז דער קולטורעלער יחוס בריוו, מיט וועלכן מיר קענען זיך באווייזן אין אלע שפראכלעך־קולטורעלע ספערן פון דער גרויסער קולטור־וועלט, ווי גלייכע מיט גלייכע.

אבער אונזער מאדערנע יידישע קולטור איז אויסגעוואקסן און האט זיך צובליט אזוי שטארק, אז עס איז נויטיק געווארן צו סומירן, צו מאכן סך־הכל'ען, צו ווארפן א רעטראספעקטיוון בליק אויפן דורכגעגאנגענעם וועג, און שאפן זיך אויף דעם דאזיקן סמך די נויטיקע פערספעקטיוון פאר דער צוקונפט.

די היסטארישע נויטווענדיקייט האט דעריבער ארויסגעבראכט אונזערע אייגענע ד'אלאמבערטס, וועלכע האבן זיך פאראייביקט מיט זייער קאלאסאלן אויפטו פאר דער מאדערנער יידישער קולטור נישט ווייניקער ווי די פראנצויזישע ענציקלאפעדיסטן האבן עס געטאן פאר דעם גייסטיקן לעבן און פראגרעס פון דעם פראנצויזישן פאלק.

די יידישע ענציקלאפעדיע איז געקומען צו באפרידיקן א ברענענדע קולטור־נויט, און האט פאר דער וועלט געגעבן אן אומצושטערבארן אויסדרוק פון דעם יידישן קולטור־רענעסאנס.

ייד אין באצוג צו זיך אליין, צו זיין פארגאנגענהייט און קעגנווארט; ייד אין באציאונג צו דער וועלט, און וועלט אין באציאונג צום ייד; די גרויסע אוצרות פון קולטור און ציוויליזאציע וואס זענען אנגעזאמלט געווארן דורך דורות, יאר־הונדערטער און יאר־טויזנטער, — דאס אלץ ווערט אין דער יידישער ענציקלאפעדיע אפגעשפיגלט אויף אזא קלארן, וויסנשאפטלעכן, טיפן און דאך העכסט צוטריטלעכן אופן, אז זי ווערט מיט יעדן באנד אלץ מער דער בעסטער געשאנק, וואס יעדער פאלקס־מענטש און פאלקטימלעכער, אין יידישן לעבן פארווארצלטער, יידיש רעדנדער און יידיש דענקנדער אינטעליגענט, קען

זיך אליין געבן. זי ווערט אלץ מער א לעבעדיקער קוואל, פון וועלכן מ׳קען שעפן נישט בלויז אלגעמיינעם און ספעציפיש־יידישן וויסן, נאר אויך אפטימיזם וועגן אונזער צוקונפט. אין דעם איצטיקן קאטאס־טראפאלן מאמענט פון אונזער געשיכטע, ווען גייסטיקע ווערטן זענען כמעט אונזערע איינציקע וואפן אין קאמף פאר אונזער זעלבסט־דער־האלטונג, איז די יידישע ענציקלאפעדיע איינע פון אונזערע שטארקס־טע פעסטונגען.

# צו פרץ'עס צוואַנציקסטן יאָרצייט

„אַ זאָגט מיר נישט. „געשטאָרבן", ניין, ער לעבט.
צעבראָכן דער מזבח, דער פייער ברענט נאָך דאָרט;
צעשמעטערט איז די האַרפּע, עס קלינגט נאָך דער אַקאָרד".

**נאַדסאָן**

---

ווידעראַמאָל, דעם צוואַנציקסטן שוין, דערמאָנען מיר צו דיין יאָרצייט, מיט ערפורכט, דיין נאָמען, גרויסמייסטער פון דער יידישער ליטעראַטור. און וואָס ווייטער דו ווערסט פון אונז אין פיזישער געשטאַלט, אַלץ ליכטיקער ווערט די אויסשטראַלונג פון דיין גייסטיקער פערזענלעכקייט. דיין נאָמען איז אונז אַ פאָן, דיינע ווערק — אַ קוואַל נישט אויסצושעפּן.

וואָס פינסטערער עס ווערט אַרום אונז, אַלץ מער פילן מיר, אַלץ אינטענסיווער לעבן מיר זיך אריין אין דיין גרויסע בענקעניש נאָך שבת יום־טובדיקייט, נאָך אַ וועלט אַ געלייטערטער.

און מעגן אַרום אונז בושעווען די כוואַליעס פון רעאַקציע און חיה'שער באַרבאַרישקייט, מיר וועבן ווייטער דיין טרוים פון אַ ווייט־נאָענטער צייט, ווען „מענטש וועט נישט שטיין קעגן מענטש און נישט פאָלק קעגן פאָלק, נאָר מענטשן קעגן נאַטור".

מיר האָבן באַגריפן דעם הייליקן צאָרן, וואָס זידט אין דיינע מייס־

טערוווערק, קעגן דעם פאַרברעכן פון סאָציאַלער באַדריקונג, און מיר האָבן איינגעקריצט אין אונזער זכרון דיין מעכטיקן אויסגעשריי: „מיין נישט די וועלט איז אַ הפקר, מיין נישט לית דין ולית דיין!"

איצט, נאָך מער ווי ווען ס'איז פריער, הערן מיר דיין רוף פאַר סאָציאַלן יושר, און מיר זענען וויליק צו זיין מיטקעמפער פאַר אַ נייער וועלט, וואָס זאָל פאַרניכטן

„דעם אָפּגרונט ז'עם טיפן
וואָס טיילט דיינע קינדער
אויף שטאַרקע און שוואַכע
אויף לעמער און שינדער".

דיין גרויסן אַלמענטשלעכן רוף, אַז „חרוב זאָל ווערן די וועלט!", האָבן מיר דערהערט און טיף אין זיך אים אויפגענומען. יאָ, חרוב זאָל ווערן די וועלט פון סדום און די גערעכטיקייט פון אמורה. חרוב זאָל ווערן די וועלט, וואָס איר געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג איז סאַטאַנס אויפטו; וואָס

„דאָרט ברעכן די פליגל
די אָדלער די גרעסטע,
דאָרט ווערן פאַרשטיינערט
די הערצער די בעסטע"

„מיר, שבת־יום־טובדיקע יידן", מיר, שבת־יום־טובדיקע מענטשן, וועלן אויף אירע חורבות טאַנצן. און אויב ס'איז אונז שוין נישט באַשערט צו זען דעם „יום שכולו שבת" פון דער מענטשלעכער באַפרייאונג און פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, דאַן זאָלן, דאַן וועלן אונזערע קינדער האַלטן הויך די פאָן פון דיינע וועלט־פאַרנעמענדיקע אידעאַלן, ביז זייער פולער פאַרווירקלעכונג. „שבת זאָל זיין!" שבת וועט זיין!

אָבער דער קאַמף פאַר דער דאָזיקער שבת יום־טובדיקער וועלט פון סאָציאַליזם הייבט זיך ערשט אָן. אמת, אויף אַ זעקסטל טייל פון דעם ערד־קויל האָבן די באַנציע שווייגס פאַרוואָרפן זייער יאָר־הונדערטער לאַנגן שווייגן, און מיט אַ מעכטיקן קול געפאָדערט רעכענונג פאַר אַלע עוולות און פאַרברעכנס, וואָס מ'האָט קעגן זיי געהאַט באַגאַנגען. געמאָנט און אויך אויפגעמאָנט. עפּעס מער ווי אַ „וואַרעמע בולקע מיט פרישע פוטער"; און פריער אָדער שפּעטער וועלן אויך די

באַנציע שוויגס פון דער גאַנצער וועלט רעדעוודיק ווערן, און דונערן וועט זייער שטימע אין דעם טאָג פון געריכט...

אויך אויף דער יידישער גאַס האָט באַנציע שוויג זיך אַ סך גע־ענדערט ער טראָגט איצט נישט בלויז די משא פון די שווערע פעק, וואָס בויגן צו דער ערד זיין רוקן, נאָר אויך דאָס שטאָלצע באַוווסט־זיין פון אַרבעטער־סאָלידאַריטעט. דער גרויסער שוייגער האָט אָנ־געהויבן רעדן און זיינע רייד זענען רעוואָלוציאָנער און פול מיט קאַמפס־לוסטיקייט. אין טורמעס, אויף באַריקאַדן און אויף די שלאַכט־פעלדער פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן צו הערן זיין שטימע, און ווען ער באַווייזט העלדישקייט, איז זיין נאָמען ברוך שולמאַן, הירש לעקערט, נפתלי באָטווין.

נאָך איז נישט אַלץ, וואָס דו, מייסטער און לערער, האָסט אַזוי ביטער אויסגעלאַכט, פאַרשוווּנדן פון דער יידישער גאַס. די קראַפט פון שטריימל וויל נאָך אַלץ נישט נאָכלאָזן, און אויפן אַלטן מאַרק דרייען זיך נאָך אַלץ ארום בייזע גייסטער, וואָס פאַרשטעלן די שיין פון דער זון און שפּרייטן אויס איבער אַלץ זייערע שוואַרצע פליגלען.

אָבער „עס באַוועגט זיך דאָך", און די גאָלדענע קייט, וואָס דיין מייסטערשאַפט, קינסטלערטום און מענטשלעכקייט האָבן געשאַפן, איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. דער גרויסער יידישער קולטור־רענעסאַנס פון וועלכן דו ביסט געווען דער מיטשאַפער און פאַרקעמפער, איז אין פולן אויפבלי. דיין קינסטלערישע ירושה ווערט אויפגעהיט און באַ־רייכערט, און דיינע סאָציאַלע אידעאַלן זענען אויפן וועג צו טיילווייזער פאַרווירקלעכונג אויף אַ זעקסטל טייל פון דער ערד.

דו ביסט, גרויסער דיכטער, נישט געשטאָרבן, דו לעבסט אין דיינע אומפאַרוועלקלעכע ווערק און אויך אין הארצן פון יעדן יידישן לייענער, וואָס האָט אַ געפיל פאַר שיינקייט און אַ שטרעבונג צו דער שבת יום־טובדיקער וועלט פון דיינע טרוימען.

# פּרץ'עס בענקשאַפט נאָך שיינקייט

וואָס גרעסער ס'ווערט די היסטאָרישע דיסטאַנץ צווישן אונז און י. ל. פּרץ, אַלץ קלאָרער ווערט די פּערספּעקטיוו פון וועלכער מ'קען באַטראַכטן זיין גייסטיקע, און במילא, אויך קינסטלערישע פּערזענלעכקייט; אַלץ ברייטער ווערט די פּאַנאָראַמע פון זיין פילפאַרביקן און קאָמפּליצירטן, טיפן און אינטענסיוון פילן און דענקען.

און אַלץ אָפּטער דערשיינט אונז פּרץ אין ליכט פון טיפער טראַגיק. ער באַווייזט זיך אונז נישט בלויז אַלס דער יום־טוב פון דער יידישער ליטעראַטור, נאָר אַלס פּערזענלעכקייט, וואָס ווערט צעריסן פון טיף־טראַגישע קעגנזאַצן, וועלכע וואַרטן נאָך אויף דעם קינסטלער, וואָס זאָל זיי אַרויסברענגען פאַר דער וועלט אין דער פאָרם פון אַן אויסשעפּנדיקן פּסיכאָלאָגישן ווערק, וואָס זאָל הייסן: „פּרצעס בענקשאַפט נאָך שיינקייט".

ס'איז שווער צו זאָגן צי פּרצעס איינגעבוירענער עסטעטישער ־עפּיל איז פאַר אים געווען אַ ברכה צי אַ קללה, ווייל אויב די יידישע ליטעראַטור האָט דורכדעם געוואונען הונדערט פּראָצענט, האָט זיין שטענדיק פרישע, שטענדיק צאַפּלדיקע בענקשאַפט נאָך שיינקייט, פאַר אים פּערזענלעך פאַרוואַנדלט דאָס לעבן אין אַ שווערע לאַסט, אויב נישט אין קיין גיהנום.

פּרץ איז געווען אַ הומאַניסט אין דעם בעסטן זין פון וואָרט, אַזוי ווי ס'זענען עס געווען אַנאַטאָל פראַנס און מאַקסים גאָרקי; ווי עס זענען עס געווען סטעפאַן צווייג און ראָמען ראָלאַן: זוכער פון שיינ־

קיום אין דעם אינדיווידועלן אַזוי גוט ווי אין דעם סאָציאַלן לעבן. ער איז געווען דער „גוטער אייראָפּעער" אין דעם זין, וואָס ער האָט געהאַט אַריינגעזאַפּט אין זיך די שענסטע שטריכן פון די יאָרהונדערטער קינסטלערישע טראַדיציע פון פאָרם־פאָלקאָמענהייט, וואָס האָט זיך געצויגן זינט דער גאָלדענער צייט פון דעם רענעסאַנס־הומאַניזם. ער האָט שטענדיק געזוכט האַרמאָנישע ליניעס אין אַלץ, וואָס אַרום אים, און דער זין פאַר פּראָפּאָרץ איז געווען אין אים אַן אור־אינסטינקט.

גאַנצקייט האָט אים שטענדיק געלאָקט, און ער האָט געהאַסט אַלץ, וואָס איז געבראָכן, איינגעהויקערט אָדער זיג־גאַזיש. אַלץ, וואָס מיאוס, האָט אים פאַרשאַפט ליידן, ווייל ס'איז אים פאָרגעקומען ווי אַ פאַרברעכן קעגן לעבן, וועלכן ער האָט אָרגאַניש נישט געקאָנט אויספּאַסן אַנדערש ווי „שבת יום־טובדיק". שיינקייט פאַרשטאַרקט דעם מענטשנס וויטאַליטעט; מיאוסקייט פאַרמינערט זי, און פּרץ, דער עסטעט „פּאַר עקסצעלאַנס", האָט זיך צו אָפט געמוזט טרעפן פּנים אל פּנים מיט דער פאַרשוועכונג פון דעם שיינקייט־אידעאַל, וואָס איז געווען דער צענטראַל פונקט פון זיין מענטשלעכער און קינסטלערישער פּערזענלעכקייט

ווער ווייסט צי איז פּרצעס סאָציאַלע דיכטונג בכלל נישט געקומען ווי אַן אויסדרוק פון זיין שטענדיקער, פאַרצערנדיקער בענקשאַפט נאָך שיינקייט. זיין סאָציאַלע עטיק איז אפשר באַשטימט און באַווירקט געוואָרן דורך זיין עסטעטיק ווי אַ פּערזענלעכקייט־קולט. בלויז דורך אַ גערעכטערער וועלט קאָן מען קומען צו אַ שענערער וועלט, און פּרץ האָט געבענקט מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה נאָך דעם אייביקן שבת פון גייסטיקער דערהויבונג, אין וועלכן ס'וועט זיך מער נישט אַריינרייסן די קאַקאָפאָניע פון וואָכעדיקייט מיט איר באַליידיקנדער־מיאוסלעכער קליינלעכקייט.

ס'איז נישט דעם קינסטלערס שולד, וואָס ווען ער גיט אונז אַפילו בילדער פון דערדריקנדיקער מענטשלעכער איינגעהויקערטקייט, באַקומט זיך אַ ווערק פאַר וועלכן מיר, די לייענער, צושויער אָדער צוהערער, שטייען פאַרגאַפט און מיטגעריסן פון זיין קינסטלערישער פּרעכטיקייט. אָבער „באַנטשע שווייג" איז קיינמאָל פּרצעס אידעאַל נישט

געוועזן, און „אין קעלער שטוב" האָט ער די פאַרקערפּערונג פון זיין שיינקייטס־טרוימען נישט געפונען.

פּרצעס ראָמאַנטיק איז דער העפטיקער פּראָטעסט פון דעם שיינקייט־זוכער אין דעם פּערזענלעכן און קאָלעקטיוון לעבן קעגן דער פאַרשוועכונג פון זיין הייליקסטן אידעאַל. ער אַנטלויפט פון דער „טויטער שטאָט" ווו אַלץ איז פאַרפלאַכט, פאַרוואָכעדיקט. ער דערהויבט זיך אויף די פליגלען פון פאַרגאַנגענהייט־ראָמאַנטיק און לעבט זיך אויס אין דער שיינקייט פון דער „חסידיש"־ער יוגנט־עפּאָכע, און הויך, „אויבן נישט נאָך העכער", שוועבט ער אין דער צוקונפטס־ראָמאַנטיק פון אַ נייער שבת־יום־טובדיקער וועלט פון אייביקער שיינקייט, וואָס איז באַזירט אויף סאָציאַלער גערעכטיקייט.

לעבן און שיינקייט זענען אין פּרצעס פּלאַן און דענקען געוועזן אידענטישע באַגריפן. אין דעם קאָנפליקט צווישן דעם שטענדיקן בענקען נאָך דער פאַרווירקלעכונג פון דעם דאָזיקן אידעאַל, און דער אָרעמי־קער ווירקלעכקייט, וואָס האָט זיך פון אים אויסגעלאָזט, ליגט דער שליסל צו פּרצעס ראָמאַנטיק און אויך צו דער טיפער טראַגיק פון זיין פּערזענלעכקייט.

# דאָס װוּנטשלעכע אין יהואָשן

זיבעצן יאָר זענען אַריבער זינט די מאָדערנע יידישע ליטעראַטור האָט, מיט יהואָשעס טויט, פאַרלוירן איינעם פון אירע אויסדערוויילטע און אויפריכטיקסטע בויער.

יהואָש האָט נישט געהערט צו דעם טיפּ מיטגייער; ער איז געווען אַ פאָרלויפער און וועג־ווייזער. אָריגינעל אין זיינע טעמעס און אָריגינעל אין זייער דורכפירונג, סיי אין הינזיכט פון סטיל, סיי אין פערז־מייסטערשאַפט. האָט יהואָש געקענט זאָגן, ווי די פראַנצויזן: „מיין בעכער איז קליין, אָבער איך טרינק פון מיין בעכער.״

געוויס, אין דער געשיכטע פון אונזער יונגער יידישער ליטעראַטור פאַרמאָגן מיר פּאָעטן מיט אַ מער ברויזנדן טעמפּעראַמענט, באַדייטנדערע עפּיקער, מער סענטימענטאַלע ליריקער; אָבער אַזעלכע האַרמאָנישע, גענצלעכע פּאָעטישע פּערזענלעכקייטן ווי יהואָש, פאַרמאָגן מיר זייער ווייניק, אויף די פינגער צו ציילן. דער פּאָעט יהואָש האָט אויסגעדריקט אין זיינע געדיכטן די גאַנצע גאַמע פון די פונדאַמענטאַלע מענטשלעכע געפילן, און איבער אַלע זיינע געדיכטן שוועבט אַ אָלימפּישע רואיקייט, אַ טיפע לעבנס־קלוגשאַפט. אויב מיר הערן ניט ביי אים ביאַליקס וואולקאַנישן שטורם־אויסברוך: „הפקר, הפקר, אַלעס הפקר; הפקר ווייב און הפקר קינד; אַ כפּרה טויזנט וועלטן פאַר איין שעה פון מוט און זינד״, גיט ער אונז אָבער אויך נישט קיין קלאָג־לידער ווי מאָריס ראָזנפעלדס „נישט זוך מיך דאָרט ווו מירטן בליען, געפינסט מיך דאָרטן נישט, מיין שאַץ; ווו לעבנס וועלקן

ביי מאשינען, דארטן איז מיין רוע־פלאץ.״ ער וויל אויך נישט, ווי דוד איינהארן, אז „זיין ליבע זאל א אלטע מאמע בענטשן״, און אז „א בריאזקאלע״ זאל פאר אים מתפלל זיין. ליבע פילט ער אין דער פארם פון היינריך היינע, מענטשלעכע נויט — ווי ניקטין. דאס, וואס פרישמאן אין דער העברעאישער ליטעראטור, דאס האט יהואש, דער ערשטער נאך פרץ׳ן, אויפגעטון אין דער יידישער ליטעראטור: ער האט אריינגעבראכט אין זיין פאעזיע דעם איירָאפעאישן טאן, דעם אוניווערסאלן פארנעם.

לויט דעם אינערלעכן וועזן פון זיין פאעזיע שטייט יהואש איינציק ביי אונז: ער איז דאס וואס אין דער פוילישער ליטעראטור איז יאן קאספראוויטש און אין דער רוסישער — וולאדימיר סאלאוויאוו: א פילאזאפישער ליריקער. דערפאר אויך די אלימפישע רואיקייט, וואס באהערשט זיינע ברויזנדע געפילן; דערפאר דער „פיאניסימא״ פון זיינע געדיכטן. „נישט לאכן, נישט וויינען, נאר פארשטיין״ — דעם דאזיקן געטע׳שן אמת פאלגט יהואש טריי נאך, און דערפאר טאקע, אויב אין דער פארם פון דיכטערישער קונסט איז יהואש איבערגעשטיגן געווארן, שטייט ער אבער איינציק לויט דעם וועלט־אומפאסנדיקן פילאזאפישן געדאנק פון זיינע געדיכטן.

אינדיווידואליסט און עסטעט, א מענטש פון צארטן געפיל און טיפן געדאנק, האט יהואש גלייכצייטיק געשטרעבט צו געפינען א הארמאנישן צוזאמענקלאנג צווישן יידישער פארגאנגענהייט און יידישער קעגנווארט, צווישן דעם יידישן „איצט״ און דעם „איצט״ פ״ דער ארומיקער וועלט. פארוועלטלעכן דעם יידישן עבר, אייראפעאיזירן דאס מאדערנע יידישע לעבן, דאס זענען צוויי לייט־מאטיוון פון יהואשעס לעבן און שאפן. דערפאר — זיינע ביבלישע און תלמודישע מאטיוון; .דערפאר — זיינע „לעגענדן״ ער האט געשטרעבט נענטער צו ברענגען דעם יידישן לייענער צו דער גרויסער וועלט־ליטעראטור — און מיר קריגן די גרויסע מתנה, די מאנומענטאלע איבערדיכטונג פון דעם ווערק, וואס איז די צירונג פון דער אמעריקאנישער און וועלט־פאעזיע: לאנגפעלא׳ס „האיאוואטא״.

יהואשעס נאמען וועט אבער בלייבן נישט בלויז אין דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור; אויך די יידישע קולטור־געשיכטע וועט זיין נאמען אויף אירע טאוולען אויסקריצן מיט גאלדענע אותיות.

און דאָס האָט יהואש פאַרדינט מיט זײַן לעבנסווערק. מיט זײַן איבער־זעצונג פון תנך אויף יידיש. וואָס פּרץ און אַנדערע מאָדערנע יידישע גייסטער האָבן אָנגעהויבן און בלויז פראַגמענטאַריש דורכגעפירט, האָט יהואש באַוויזן דורכצופירן פון אָנהויב ביזן סוף. אַ קולטור־טרע־נער אין שענסטן זין פון וואָרט, האָט יהואש באַגריפן דעם גרויסן בלויז, וואָס ס'איז געווען אין יידישן קולטור־רענעסאַנס. אַלערליי איבערזע־צונגען זענען געמאַכט געוואָרן כדי אַרײַנצוברענגען דעם יידישן לייע־נער אין דעם קרייז פון דער גרויסער וועלט־קולטור; מ'האָט שוין גע־קענט לייענען אין יידיש, בודאַ און קאָנפוציוס, זאַראַטוסטראַ און טאָלסטאָי, אָבער דער תנך, וועלכער איז דאָך איינער פון די וויכטיקס־טע קולטור־געשיכטלעכע, ליטעראַריש קינסטלערישע, און מאָראַל־פי־לאָזאָפישע דאָקומענטן, איז געבליבן פרעמד דעם מאָדערנעם יידיש־לייענער. יהואש, וועלכער איז לויט זײַן געזונטן דענקען געשטאַנען מיט ביידע פיס אין דער יידישער ווירקלעכקייט, האָט געזען די לעבנס נויטווענדיקייט פון דעם תנך אויף יידיש. און ער האָט געוואָגט און געזיגט. דאָס, וואָס לוטער האָט אויפגעטאָן פאַר דער דייטשער שפּראַך מיט זײַן ביבל־איבערזעצונג, דאָס האָט יהואש באַוויזן מיט זײַן פאַריידישטן תנך. די ברייטע יידישע לייענער־מאַסן האָבן געקראָגן אַ צוטריט צו איינעם פון די טראַנסצענדענטאַלסטע ווערק פון דער וועלט־ליטעראַטור, צו דעם ספר הספרים, און די יידישע שפּראַך איז אומענדלעך באַרייכערט געוואָרן.

# נאַמבערגס פאַרטרויערטער שמייכל

ס׳זענען דאָ צוויי מינים מענטשלעכע. קוועקזילבערדיקייט. איינער איז אַ אויסדרוק פון טיף פאַרוואָרצלטן אָפּטימיזם, פון שפּרודלדיקער וויטאַליטעט, פון לעבנס־שפע. דער אַנדערער קומט פון אַ באַוווסטזיניקן אָדער אונטערבאַוווסטזיניקן פאַרלאַנג עפּעס צו פאַרגעסן, זיך צו פאַרטומלען, זיך אויסצולעבן אין וועלט פון גייסטיקן „האשיש".

צו דעם דאָזיקן צווייטן מין האָט געהערט די קוועקזילבערדיקייט פון הירש דוב נאָמבערג. שטענדיק באַהערשט פון עפּעס אַ מאָדנעם אומרו, קיינמאָל נישט איינגעוואָרצלט אין איין פּלאַץ, געריזט פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד, האָט ער געוואָלט עפּעס אַ טיפן קומער פאַרגעסן, פון אַ נאָגנדיקן אומעט זיך באַפרייען.

נאָמבערג איז געווען דער פריילעכסטער שטאַם־גאַסט אין די ליטעראַרישע קאַפייען. זיין געלעכטער איז געווען דער הילכיקסטער און זיינע וויצן — די געווירציקסטע. נאָמבערג האָט ליב געהאַט צו טאַנצן ביז צו פאַרלירן דעם באַוווסטזיין. ער פלעגט זיך דרייען אין קאַראַהאָד מיט אַ תאוהדיקן אימפּעט, און פונקען פלעגן זיך פון זיינע אויגן שיטן. אָבער גלייכצייטיק פלעגט מען פון זיין שאַרפקלוגן בליק קענען אַרויסלייענען אַ טויט־מידקייט און אַ קוהלתדיקן „הבל הבלים".

די דאָזיקע שטענדיקע פּאָטענציעלע מידקייט און זיין שטענדיקער, קיינמאָל נישט אין גאַנצן דערפילטער פאַרלאַנג זיך צו באַ-

רווישן, זיך צו פארשכורן אין דעם וויר־וואר פון דער ארומיקער סבי־
בה, זענען אפשר דער ריכטיקער שליסל צו נאמבערגס געזעלשאפט־
לעך־ליטעראַרישער פערזענלעכקייט.

ביי פרצעס לעבן האָט נאמבערג געהאט ווי זיך אַנצוווארעמען
גייסטיק, צו ווערמען זיך צוצוטוליען. אין דעם הויז פון „דעם פאַטער
פון דער ליטעראַרישער משפחה", ווי ער האָט אליין כאַראַקטעריזירט
דעם פאַטריציער פון צעגלאַנער גאַס נומער איינס, האָט נאמבערג
געקענט זיך אויסלעבן אַלס מענטש און נישט בלויז אַלס ליטעראַט.
אַלע ספקות, וואָס האָבן אים געמאַטערט, אַלע געשפּענסטער, וואָס
האָבן אים פאַרפאָלגט, פלעגן דאָרט פארשווינדן. פרץ, דער גרויסער
זעער, האָט אריינגעבליקט אין נאמבערגס מידע נשמה, און האָט
פאַר אים געשאַפן יענע אַטמאָספערע, וואָס אַ ליבנדיקער און פאַר־
שטענדניספולער פאַטער שאַפט פאַר זיינעם אַ טאַלענטפולן, אָבער
עטוואָס קרענקלעכן זון. און אַזוי לאַנג ווי פרץ האָט געלעבט, איז
נאמבערגס וועג געווען גראַד־ליניג. ער האָט זיך אויסגעלעבט אין און
דורך דער ליטעראַטור, ער האָט אין יענעם פעריאָד געשאַפן אַלע
זיינע ווערטפולע ווערק. שפּעטער ווען פרץ איז שוין נישט געווען
צווישן די לעבעדיקע, איז נאמבערג געבליבן גייסטיק מער פאַריתומט
ווי ווער עס איז אַנדערער פון די מקורבים פון דעם גרויסן שרייבער.
אים האָט פרץ געפעלט נאָך מער אַפילו ווי דינענזאָנען.

נאמבערג האָט געמוזט זיך פאַרגעסן, זיך באַרוישן, און אַט די
דאָזיקע נויטווענדיקייט איז עס געווען דער אמתער באַוועג־גרונט פון
זיין אריינוואַרפן זיך מיט אַזאַ אימפעט אין פּאָליטיש־געזעלשאַפט־
לעכע טעטיקייט. נאמבערג דער פּאָליטיק־מאַכער אין דער צייט פון
דער מלחמה, און דער שפּעטערדיקער סיים־דעפּוטאַט אין דעם באַ־
פרייטן פוילן, דאָס איז נאמבערג דער מענטש, וואָס פרווט דורך אַט
דעם דאָזיקן אַפּיום אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די אומדערטרעגלעכע משא
פון אָרגאַנישער איינזאַמקייט, וועלכע איז געווען זיין ביטערער גורל,
און קעגן וועלכער ער פלעגט אַזוי אָפט און אַזוי דערפאָלגלאָז רעוואָל־
טירן. און ווי שטאַרק ער האָט צו דעם נישט געשטרעבט, ווי שטאַרק
ער האָט נאָך דעם נישט געבענקט, האָט ער זעלטן ווען באַוויזן צו
פילן די יום־טובדיקייט פון דעם אַקטיוון קעמפן. זיין חריפות, וואָס

האָט נעאָטעמט מיט לעבנס־מידקייט, פּלעגט אין אים אָפּטוויטן די פייאיקייט צו ענטוזיאזם, צו אמתדיקער התלהבות. ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס זיינע באַרימטע פעליעטאָנען פלעגן זיך דרוקן אַלס „וואָכעדיקע שמועסן”.

---

יעדער באַדייטנדער שרייבער גיט צו צו דער ליטעראַטור אין וועלכער ער איז טעטיק, זיין טאָן, זיין אייגענע, פּערזענלעכע נאָטע. אזוי למשל. דערקענען מיר דעם איניקן, מער טיפערן און אמתן שלום עליכם אין זיין „טביה”, וועלכער איז די קווינט־עסענץ פון שלום־עליכמס דיכטערישער פּערזענלעכקייט. ווילן מיר אַרויסשיילן דאָס וועזנטלעכסטע פון דער פּאָעטישער פּערזענלעכקייט, פון א טורגע־ניעוו, מוזן מיר ווענדן אונזער בליק צו דעם דורך און דורך אידעאַ־ליסטישן באַזאַראָוו, דעם „ניהיליסט” פון „אָטצי אי דיעטי”.

וואָס איז נאָמבערגס צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור?

אַן אינטערעסאַנטער קולטור־היסטאָרישער דאָקומענט איז זיין רעטראָספּעקטיווער בליק אויף דעם ווי ס׳האָט זיך געלעבט „אין א פּוילישער ישיבה”. גוט כאַראַקטעריזירט זענען די פאַרשידענע טיפּן פון זיין „משפחה”, ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון דער איבערגאַנגס־צייט, ווען אין יידישן לעבן זענען אַלטע געטער געפאַלן פון זייערע טראָנען און נייע האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך איינצופונדעווען און שאַפן טראַדיציע. נישט ווייניקער אינטערעסאַנט זענען נאָמבערגס אזוי אָריגינעלע און טרעפלעכע רייזע־באַשרייבונגען פון ארץ־ישראל, און פון אַנדערע לענדער, איבער וועלכע זיין גייסט האָט אַרומגעשוועבט ווי אַ שמעטערלינג.

אָבער זיין אַנגעזעענער פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור וואָלט נישט געווען געזיכערט, ווען ער וואָלט נישט געהאַט געשאַפן דאָס איינציקע ווערק, וואָס האָט אים געמאַכט אומפאַרגעסלעך פאַרן יידישן לייענער. נאָמבערגן גיט רעכט אויף אומשטערבלעכקייט זיין „פליגעלמאַן”. נישטאָ נאָך אין דער יידישער ליטעראַטור אַזאַ אייגנ־אַרטיקע, ווונדערבאַר געמאָלטע געשטאַלט פון דעם „איבריקן מענ־טשן”, פון דעם שוואַכלינג, וועלכער קען זיך נישט איינלעבן אין דעם

רוישיקן ברויזנדיקן לעבן פון ארום. פליגעלמאַן איז מער ווי בלויז אַ מיפּ פון אַ יידישן אינטעליגענט מיט אַ סופּער־ראַפינירטן אינטעלעקט און מיט אַן אַטראָפירטער ווילנס־קראַפט. פליגעלמאַן, איז די יידישער פאַרקערפּערונג פון דעם אוניווערסאַלן פּער גינט. „צווישן בערג", צווישן די פעלזן פון געזעלשאַפטלעכן קאַמף, ווערט ער, צוליב זיין אייגענער ווילנס־שוואַכקייט, צעריבן, פאַלט אַראָפּ אין דעם אָפּגרונט פון פאַרצווייפלונג, און פון דאָרט אויס, זעט ער בלויז ווי „ס׳לויפן, ס׳יאָגן שוואַרצע וואָלקנס".

„פליגעלמאַן" — דאָס איז נאָמבערגס מאָנומענט אין דער יידישער ליטעראַטור.

# דאָס קינסטלעריש־וויזיאָנערישע אין מעדעמס פּערזענלעכקייט

איך דערמאָן זיך מעדעמען אויף דער רעדנער־טריבונע. זיין נישט באַזונדערס שטאַרקע, אָבער גלעטנדיקע שטימע, טראָגט זיך איבערן זאַל, מיט אַן אומווידערשטייטלעכן צויבער. זיין מימיק — שפּאָרזאַם און אויסדריקבאַר. זיין זשעסט, געציילט און אַריסטאָקראַטיש. ס'איז בלויז צוויי מינוט זינט ער האָט אָנגעהויבן רעדן, און שוין האָט זיך אַ נשמהדיקייט, אַ ליב־האַרציקע וואַרימקייט איינגעשטעלט צווישן אים און זיין אוידיטאָריע. אַנהענגער טרינקען דורשטיק פון זיין גערעדקער־קוואַל; קעגנער הערן זיך צו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און מיט ערפורכט. ס'איז זיי שווער זיך צו באַפרייען פון דעם כישוף, וואָס זיין פּערזענלעכקייט איבט אויס אויף זיי.

עפּעס איז געווען אַנדערשדיקעס אין וולאַדימיר מעדעמס רעדנער־קונסט. ס'איז שווער זיך צו דערמאָנען אַ צווייטן יידישן רעדנער, וועמענס שפּראַך זאָל זיין אַזוי ליטעראַריש — פאַר דער אינטעליגענץ אָנגעפּאַסט — און דאָך גלייכצייטיק אַזוי היימיש־פאָלקסטימלעך פאַר די ברייטסטע מאַסן. אָט דעם דאָזיקן וווּנדערלעכן סינטעז האָט בלויז אַ קינסטלער ווי מעדעם געקאָנט שאַפן.

ווייל אַ קינסטלער איז וולאַדימיר מעדעם געווען, און אין אַ קונסט־ווערק פון גרעסטן פאַרנעם האָט ער זיין לעבן פאַרוואַנדלט. געבוירן מיט אַן אומגעוויינלעך שטאַרקן חוש פאַר דאָס שיינע, אַן

עסטעט און פיינשמעקער „פון גאָטס גנאָד", וואָלט מעדעם נאַטיר־לעכערווייז געדאַרפט זיך אויסלעבן אַלס קונסט־קריטיקער, אַלס עסיי־איסט איבער פּראָבלעמען פון עסטעטיק, אָדער אַלס אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר מיט אַ געזיכערטער שטענדיקער צוהערערשאַפט. ס'איז געווען געגוג צו זען אים — פאַרזונקען אין אַ טרוימען־וועלט — אויף די קאָנצערטן אין דער וואַרשעווער פילהאַרמאָניע אָדער ערגעץ אויף אַ פּריוואַטער אויפפירונג פון מוזיק, כדי זיך צו איבערצייגן וועגן דער ריכטונג וווּהין זיין אור־אינסטינקט האָט אים געצויגן.

אָבער ער איז גלייכצייטיק געווען אַ וווּנדערבאַרע עטישע פּער־זענלעכקייט, פון יענע יחידי־סגולה, וואָס זייער העכסטער אויסדרוק איז די מאַיעסטעטישע פיגור פון זשאַן זשאָרעס. פּונקט אַזוי שטאַרק ווי דאָס שטרעבן צום ליכט פון דעם שיינעם און ראַפינירטן אין לעבן, איז אויך געווען אין אים זיין אור־אינסטינקט פאַר סאָציאַלן יושר און גערעכטיקייט. וולאַדימיר מעדעם איז געקומען צום סאָ־ציאַליזם נישט אַזוי צוליב ריין אינטעלעקטועלע מאָטיוון, נישט אַזוי דורך דעם שטודיום פון די קאָמפּליצירטע סוגיות פון קאַרל מאַרקסעס „קאַפּיטאַל", ווי דורך די וועגן פון דער עטיק פון זשאַן זשאָרעסעס סאָציאַל־הומאַניטאַריזם.

ס'איז דאָ עפּעס ענלעכעס צווישן מעדעמס סאָציאַליסטישן הינטערגרונט און פּרעצעס געפיל פון טיפער באַליידיקונג צוליב דער פאַרשוועכונג פון דער מענטשלעכער ווירדע פון „באָנטשע שווייג", און אַלע „דערנידעריקטע און באַליידיקטע". ביידע זענען זיי געווען הומאַניסטן דורכגעדרונגענע, מיט ליבע צו לעבנס־שיינקייט. טאַקע אין נאָמען פון די אומענדלעכע מעגלעכקייטן פון לעבנס־פּרעכטי־קייט, וואָס זייער גייסט האָט דורכגעבליקט און זייער פאַנטאַזיע האָט דורכגעלעבט אַלס ווירקלעכקייטן, האָבן זיי אַזוי שטאַרק, אַזוי ליידנשאַפטלעך פּראָטעסטירט קעגן דער פאַרשוועכונג פון זיין מאַ־יעסטעט דעם מענטש דורך דעם ווילקיר פון קאַפּיטאַליסטישן רעזשים.

מער ווי אַ אָפּטימיסט, איז מעדעם געווען אַ וויזיאָנער. איינע פון די סיבות פאַרוואָס נאָנטע און ווייטע, פריינט און פיינט פלעגן לויפן אים הערן רעדן, וועגן וואָס די טעמע זאָל נישט האָבן געווען איז דאָס, וואָס מעדעם פלעגט יעדע פראַגע דערהויבן צו אַלגעמיין־

מענטשלעכער טראַסצענדענץ. ער פלעגט אין יעדער רעדע זיינער אריינהויכן עפּעס פון יענעם עטישן פּאַטאָס, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין „והיה באחרית הימים". דאָס געזיכט בלייך, די אויגן געווענדט ערגעץ ווייט, ווייט, פלעגט מעדעם אין יענע מאָמענטן פון העכס־טער גייסטיקער דערהויבונג מיר פאַרקומען ווי אַן אַנזאָגער פון אַ נייער, פולקאָמענער וועלט, וועלכער געהערט מער אהין, אין דעם אויסגעטרוימטן לאַנד, ווי דאַ, וווּ אין לייד און קאַמף ווערט דער טרוים ערשט געוועבט...

און אַט צווישן זיין לאַנד פון שיינהייטס־טרוימען און חלומות פון אַ סאָציאַל פולקאָמענער מענטשהייט פון איין זייט, און דער האַרטער טאָג־טעגלעכער גראָער און אָפּט בלוטיק־ברוטער ווירקלעכ־קייט, פון דער צווייטער, האָט וולאַדימיר מעדעם געשאַפן דעם סינ־טעז, וואָס איז געווען דאָס גרעסטע קונסט־ווערק פון זיין לעבן. ער האָט זיך אויסגעלעבט אין זיין טרוים־וועלט נישט ווייניקער ווי אין דער אַלטעגלעכקייט, מיט איר קליינלעכקייט און טראַגיק. אין די קונסט־מוזייען פון ווין און אין די מרה־שחורהדיקע שטיבלעך פון די יידישע שטעטלעך פון פוילן; אויף די גייסטרייכע דיסקוסיעס פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קאָנגרעסן, און אין דער טויטנדיקער שטילקייט פון די איינצל־קאַמערן פון די רוסישע טורמעס, — אומעטום און שטענדיק איז מעדעם געווען דורכגעדרונגען מיט אַ ברע־נענדיקן גלויבן אין דעם ענדגילטיקן זיג פון זיין לעבנס־אידייע, דעם סאָציאַליזם. דער דאָזיקער גלויבן האָט אים געגעבן דעם כוח אַרויסצו־קומען אומגעבראָכן פון די אומציילבאַרע קריזיסן, וואָס האָבן אויף אים געוואָרט אויף זיין לעבנס־וועג.

פאַר דער טיף־עטישער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט געהייסן וולאַדימיר מעדעם, זענען דער גלויבן אין סאָציאַליזם און זיין איי־גענער דראַנג צו שיינקייט, געווען לעבנס־פראַגן. טרוים האָט אין אים באַפרוכטיקט די טאַט, און דערפאַר איז מעדעם דער וויזיאָנער אַזוי באַליבט געווען.

# ד״ר א. קאַראַלניק, דער קינסטלער פון בילדלעכן געדאַנק

איך בין זיך מודה: איך האָב געהאַט אַ שוואַכקייט צו ד״ר קאַראַלניקס עסייען, וועגן וואָס ער זאָל נישט האָבן געשריבן. איך האָב ליב געהאַט זיין אָריגינעלן אופן פון זיך אריינפילן אין וועלט און מענטשן. זיין דענקען אין בילדער האָט מיך שטענדיק אַנטציקט.

ס׳פלעגט גאָרנישט נויטיק זיין איינצושטימען מיט אים אין זיינע מיינונגען און אויספירונגען. ס׳פלעגט גענוג זיין די גייסטיקע אָנרעגונג, וואָס זיי האָבן געגעבן. זיין שרייבן פלעגט סטימולירן דעם געדאַנק און ארויסרופן אַ פּרוכטבאַרע גייסטיקע אומרו. גלייכגילטיק פלעגט מען אים קיינמאָל נישט קענען פאַרבייגיין.

באַשענקט פון דער נאַטור מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע, מיט אַ געניאַלער אינטואיציע פאַר אַלץ, וואָס איז בילדלעך און מאַלעריש, און מיט אַ געפיל פאַר די פאַרבאָרגנסטע סודות פון דער שפּראַך אין וועלכער ער האָט געשריבן, וואָלט ער אייגנטלעך געדאַרפט ווערן אַ בעלעטריסט. זיין פּילזייטיקער וויסן, זיין קענטניש פון מענטשן און לענדער, און זיין פילאָזאָפישער בליק אויפן לעבן, האָבן אים אָבער געפירט אויף אַנדערע וועגן. ד״ר קאַראַלניק איז געוואָרן דער סינטעז פון דעם דיכטער־בעלעטריסט און פון דעם פילאָזאָפישן באַטראַכטער פון לעבן: ער איז געוואָרן דער עסייען־שרייבער, דער בעסטער עסייאיסט אין יידיש.

ווי ער אליין זאגט אין דער איינלייטונג צו זיין בוך „ווידער־קלאנגען און ווידערשפרוכן", געהערט דער עסייאיסט צו די „ווייניקע, געצייילטע, וואס בלאנדזשען ארום אין דער וועלט פון גייסטיקע ווערטן, גייען ארום אין דער גרויסער, רייכער וועלט און ווייסן נישט, וואס זייער בארוף איז. זיי זענען ווי מוזיי־באזוכער. פון איין בילד צום צווייטן, פון איין סטאטוע צו אן אנדערער. דא אן איינדרוק, דא א שטימונג, אן עקסטאז אדער אן אנטוישונג".

דער עסייאיסט שטרעבט נישט, וואגט נישט צו זיין דאגמאטיש. ער זאגט קיינמאל נישט: אזוי און נאר אזוי און בלויז אזוי איז עס. צוזאמען מיט פעטער אלטענבערג זאגט ער שטענדיק: ווי איך זע עס". אט דער פערזענלעכער מאמענט שאפט די אינטימקייט צווישן דעם עסייאיסט און זיין לעזער. טאקע דאס, וואס ער שרייבט אן „עסיי", א פרווו, מאכט אים גייסטיק נענטער צו די אלע, וואס זוכן, וואס זענען נישט דאגמאטיש, וואס ווייסן, אז אויף יעדע פראגע אין לעבן איז אויסער דעם ענטפער, וואס מיר ווילן און האפן צו קריגן, אויך דא אן אנדער מעגלעכער ענטפער. דאס לעבן איז אזוי און אזוי און אויך אנדערש. עס ווענדט זיך נאר אן אונזער ווילי־קייט אויפצונעמען די וועלט אין איר גאנצער פילפארביקייט און פארשידנארטיקייט.

ד"ר קאראלניק, דער עסייאיסט, איז איינער פון די ווייניקע, וואס האבן דעם מוט נישט צו זיין זיכער, אז זיי באזיצן דעם גאנצן, דעם איינציקן אמת. „ער איז גארנישט זיכער, אז זיין טייטש איז א ריכטיקער. ער פרווט בלויז אנווייזן דעם צווייטן: קוק, די זון! זע דארט, וואס פאר א וואונדערבארע שיינקייט! ער פילט די רייכקייט — און זעט די ענגשאפט פון דעם מיטל, יעדן מיטל, ווי אויסצודריקן די קלייניקייט פון יעדער כלי, אפילו ווען זי איז גרויס ווי דער אקעאן".

ווען מיר לייענען ד"ר קאראלניקס אויסגעוויילטע שריפטן, מוזן מיר שטוינען איבערן ריזיקן פארנעם פון זיין גייסטיקן אויג, וועלכער איז געווענדעט אויף אלע בערג־שפיצן פון מענטשלעכן געדאנק. אויפן גרונט פון טיפער מענטשן־פארשטענדניש מאלט ער גייסטיקע בילדער פון, צום ביישפיל, א סאקראטעס, דאנטע, שעקספיר, לעאנארדא דא ווינטשי, בעטהאווען, ראמען ראלאן. אויך די באדייטנדיקע דענ־

קער און קינסטלער פון קלענערן פארנעם געפינען אן אפשפיגלונג אין זיינע שריפטן. נישטא כמעט קיין איין ווינקל פון וויכטיקער גייסטיקער טעטיקייט — אלגעמיינער, ווי אויך אידישער — וואס ד"ר קאראלניק זאל נישט האבן אים געווידמעט אן עסיי.

מיט זיין טיף־מוזיקאלישן, סאמעט־ווייכן סטיל, און אויף זיין אייגענעם אייגנארטיקן אופן צו שילדערן מענטשן און זאכן, מאלט ער כאראקטער־בילדער פון פערזענלעכקייטן און עפאכן, און מאכט דאס ווייטע נאענט און דאס נאענטע אונמיטלבאר. לייענען, צום ביישפיל, די צוויי בענדער פון זיין „בוך פון די בלעטער", הייסט מאכן א שפאציר איבער די בערג־שפיצן פון דער געשיכטע פון דעם גערזעל־שאפטלעכן געדאנק און פון די פארוויקלטע וועגן פון די גרויסע גייסטער.

דאס אינטערעסאנטסטע אין דעם פאל פון ד"ר קאראלניק איז דער פאקט, וואס דער דאזיקער עסייאיסט, וועלכער איז פון זיין פריס־טער יוגנט געווען איינגעטונקען אין דער מערב־אייראפעאישער קול־טור, אין דעם גייסטיקן גלאנץ פון די גרויסע וועלט־שטעט, איז געווען א פראדוקט פון דער רוסישער קולטור. ער איז אבער אין נאך א פיל גרעסערער מאס געווען אן ארגאנישער אויסדרוק פון יידישן פאלקסטום, פון ראפינירטער אינטעליגענץ און פון פיין־געשליפענעם סקעפטיציזם פון דעם אנאטאל פראנס מין. דער גליענדיקער פאטאס פון דער אמאליקער ראדיקאלער רוסישער אינטעליגענץ, און זאפטיקע יידישע פאלקסימלעכקייט גייען ביי אים האנט ביי האנט.

ס'איז אויך נישט קיין צופאל, וואס דעם ערשטן באנד פון זיינע שריפן האט ד"ר קאראלניק אנגערופן „דאס בוך פון די ווארצלען". איינשטיין און קארל מארקס, ברוך ספינאזא און אחד העם, ד'איז־ראעלי און געארג בראנדעס, מאנטען און פראנץ ווערפל, — זיי אלע געפינט איר דארט צוזאמען מיט שלום עליכם און בעל־מחשבות, מיט אנסקי און יהואש, מיט אברהם רייזען און ה. ד. נאמבערג. פון זיי אלע איז ער גייסטיק ארויסגעוואקסן, און מיט זיי אלע איז ער, דענקעריש און קינסטלעריש, צוזאמענגעוואקסן.

# א רעדע פון ד״ר ווייצמאַן

ד״ר ווייצמאַן איז איינער פון די מערקווירדיקסטע רעדנער, וואָס ס׳איז מיר אויסגעקומען צו הערן. קענען אריינברענגען דעם מאָמענט פון אינטימקייט, ווען מ׳שטייט פאַר אַן אודיטאָריע פון זעקס טויזנט מענטשן, דאָס איז, פון שטאַנדפונקט פון דער אָראַטאָרישער קונסט, גאָר אַ הויכע, אפשר די העכסטע מדרגה.

ווייצמאַן פּרעטענדירט נישט קיין איינציקן מאָמענט אויף אָראַטאָרישקייט, און דאָך שפּירט זיך הינטער דעם רואיקן שטראָם פון זיינע געדאַנקען־בילדער (אויסגעדריקט אין אַ ראַפינירטן „אָקספאָרדישן״ ענגליש) יענער פּאַטאָס, יענער פאַרבאַהאַלטענער ציטער, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער שטאַרק עטישער פּערזענלעכקייט, וועמענס איבערצייגונגען זענען שוין נישט בלויז איר אינטעלעקטועלער אייגנטום, נאָר טאַקע איר וועזנטלעכער, גייסטיקער „איך״. ווי טראַגיש מוז עס זיין פאַר אַזאַ מענטשן מיטצומאַכן די דינגענישן אין די פאַרשידענע קאַבינעטן, ווו גרויס — און נאָכמער קליין — פּאָליטיק ווערט געמאַכט.

ווען ווייצמאַן רעדט, מוז מען נישט נאָר רעספּעקטירן זיינע אידייען און מיינונגען, נאָר מ׳מוז טאַקע רעספּעקטירן אים אַליין פאַר דער זעלטענער גייסטיקער ערלעכקייט, וואָס שיינט אַרויס פון זיינע ווערטער. זעלטן ווער פון די היינטיקע געזעלשאַפטלעכע פירער באַזיצט אַזוי פיל טאָלעראַנץ צום קעגנער ווי ד״ר ווייצמאַן. ער באַנוצט נישט דעם אַזוי „ליכטן״ מעטאָד פון באַווירקן דעם צו־

הערער דורך אונטערשטרייכן די שאָטן־זייטן פון דעם קעגנער; אַנ־שטאָט דעם באַזינגט ער דאָס פּאָזיטיווע אין דעם אייגענעם לאַגער. איך וויים נישט צי נאָך אימיצער קען אזוי פּאַטאָס־פול באַשרייבן די דערגרייכונגען פון דער „התּתדרות", ווי חיים ווייצמאַן.

איך האָב זיך געפרעגט: פון וואַנען נעמען זיך צו דעם דאַזיקן פארהארטעוועטן שטאַטסמאַן אַזעלכע צאַרטע, לירישע, מיט האַרץ און נשמה אנגעהויכטע בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון דעם היינט פון דער ארץ־ישראלדיקער ארבעטערשאַפט? אפילו קעג־נער האָבן געפילט יראת הכבוד, ווען ווייצמאַן האָט כאַראַקטעריזירט די יידישע ארבעטערשאַפט פון ארץ ישראל אַלס די שעפערין פון עלפטן געבאָט פאַר די ארץ־ישראלדיקע יידן: „דו זאָלסט נישט לעבן פון דעם שוויים פון דיינע מיטמענטשן!"

דער דאַזיקער אָראַטאָר אַן אָראַטאָרישע דריידלעך און באַפּוּ־צונגען, האַלט דאָס גערעדטע וואָרט הייליק, און דערפאַר איז זיין פּראָזע איינגעפּרעסט. אָבער ס'איז די איינגעפּרעסטקייט פון מאַק־סימום געדאַנק אין מינימום ווערטער. איבערהויפּט איז די דאַזיקע עקאָנאָמיע פון ווערטער ווירקזאַם, ווען ווייצמאַן באַנוצט זיך, פאַר־בייגייענדיק, מיט דער איראָניע. זי ווירקט דאַן ווי אַ געפערלעכער אויפרייס־מאַטעריאַל. אזוי, צום ביישפּיל, גיט ער זיך אַ זאָג אַן דעם מינדסטן שמייכל אויפן פּנים און אפילו נישט אקצענטירנדיק די ווערטער עטוואָס שטאַרקער, אַז „אויב די הייסע סאַנטאָ דאָמינגאָ קען די יידן־פראַגע נישט לייזן, וועט עס אפשר באַווייזן אַלאַסקאַ, וווּ דער קלימאַט איז עטוואָס קילער"...

און איבער אַט דער דאַזיקער מערקווירדיקער רעדנער־קראַפט פון דעם שטאַטסמאַן, אין וועלכן דער רעאַליסט און וויזיאָנער לעבן צוזאַמען, און וועלכער באַצווינגט זיין אוידיטאָריע מיט דער ריינדי־קער עכטקייט פון זיין פּאַטאָס און מיט דער שניידנדיקער שאַרפקייט פון זיין איראָניע, שוועבט זיין טיפער פעלזנפעסטער גלויבן אין דער פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעאַל; אויב נישט ביי זיין אייגענעם לעבן, איז אין דער צוקונפט, „ביים לעבן פון אונזערע קינדער און קינדס קינדער".

# ביים איבערזעצן גרעץ׳ס געשיכטע

מיכעל אנדזשעלא זאָל האָבן אַמאָל געזאָגט, אַז יעדער שטיין איז איינגעטלעך אַ סקולפּטור; ס׳דאַרף נאָר קומען דער קינסטלער און זי אנטפּלעקן, דאָס הייסט אַראָפּנעמען די יעניקע טיילן זייגע, וואָס זענען איבעריק. באַוויזט ער אויסצושיילן דאָס כאַראַקטעריסטישע און אָפּוואַרפן דאָס צופעליקע און נישט וועזנטלעכע, דאַן שטייען מיר פאַר אַ פולשטענדיקן קינסטלערישן ווערק.

דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן ווען די אַרכיוון פון די פאַרשידענע פעלקער און לענדער. אוצרות פון מענטשלעכן לעבן און שטרעבען, ליידן און פריידן, האָפנונגען און אנטוישונגען — דאָס אַלץ וואַרט דאָרט אויף דעם קינסטלער, וואָס זאָל אַהין קומען, באַלאַדן מיט אינטואיציע פאַר דעם באמת וועזנטלעכן, און מיט די וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן, וואָס זאָלן מעגלעך מאַכן דעם אַנאַליז פון צייט און סאָציאַלער סביבה, ווי אויך פון איינציקאַרטיקע, אינדיווידועלע שטריכן.

ווען אַט די אַלע אוצרות פון די אַרכיוון פאַלן אַריין צו אַז „אַקאַדעמיקער", אַ טרוקענעם, באַברילטן פּעדאַנט, דאַן קען מען בלויז דערוואַרטן, אַלס רעזולטאַט פון זיין פאָרשונגס־אַרבעט, כראָניקעס, אָנגעפּיקעוועט מיט כראָנאָלאָגישע דאַטן, וואָס, ווי אמת זיי זאָלן נישט זיין, באַפרוכטיקן זיי נישט אונזער וויסן און באַרייכערן נישט אונזער גייסטיקן לעבן.

ווייל היסטאָרישעס וויסן, געשיכטלעכע דערפאַרונג הייסט נישט

בלויז ריין פאָרמעלע פּאַקטן־פאָרמערונג, נאָר מער ווי אַלץ, עמאָציאָנעלע ווידער־איבערלעבונג פון דעם אַמאָל פּאַסירטן, פון דעם שוין פאָרגעקומענעם און געוועזענעם.

ס׳איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי בלויז אַ היסטאָריקער. מ׳איז אַ קינסטלער־היסטאָריקער אָדער מ׳איז איבערהויפּט קיין היסטאָריקער נישט. נעמט וועלכן ס׳איז פון די קלאַסיש־געוואָרענע ביכער פון דער וועלט־געשיכטע און לייענט די ערשטע בעסטע פּאָר זייטלעך, מעג עס זיין די באַשרייבונג פון אַ ריין־עקאָנאָמישן מאָמענט אין לעבן פון אַ געזעלשאַפטלעכער גרופּע, אָדער פון אינדיווידועלע איבערלעבונגען; פון סאָציאַלע טענדענצן אָדער פון פּאָליטישער אינטריגע, — איר וועט שטענדיק דערפילן די באָאָבאַכטונגס־קראַפט פון דעם בעלעטריסט און די דראַמאַטישקייט, וואָס איז אַן אומפאַרמיידלעכער עלעמענט אין יעדן מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, פּונקט אַזוי ווי אין דער אינדיווידועלער טעטיקייט פון דעם איינצלנעם, וועלכע מוז זיין פאַרבונדן מיט דער סאָציאַלער סביבה.

דער קינסטלער־היסטאָריקער בלאָזט אַריין אין די געל־געוואָרענע בלעטער פון די אַרכיוו־דאָקומענטן אַן אָטעם פון צאַפּלדיקער לעבעדיקייט, און מיר לייענער פאָלגן נאָך מיט געשפּאַנטן אינטערעס דעם שיקזאַל פון די שוין פאַרשוווּנדענע איינצל־מענטשן, סאָציאַלע שיכטן און גאַנצע פעלקער. די פאַרגאַנגענהייט ווערט קעגנוואַרט, און מיר פאַרבינדן אונזער איצטיקע צייט — דורך די טויזנטער פעדים, וואָס דער קינסטלער־היסטאָריקער קניפּט אָן — מיט דעם לעבן און שטרעבן פון עפּאָכן און דורות, וואָס זענען אַוועק אויף קיינמאָל נישט צוריקצוקומען.

אין די ווערק פון די יעניקע, וואָס פאַרוואַנדלען פאַר אונז געשיכטע אין טיף רירנדע אַנטפּלעקונגען פון מענטשלעכער דראַמע, ווערן מקוים געטהעס ווערטער אין דער „ווידמונג” צו „פאַוסט”: „און דאָס שוין פאַרשוווּנדענע ווערט פאַר מיר ווידערווירקלעכקייט”.

אָט אַזאַ קינסטלער־היסטאָריקער, און דער איינציקער, ביז היינטיקן טאָג, איז ביי אונז אידן היינריך גרעטץ.

איבערזעצן גרעץ'ס געשיכטע! איך האב קיינמאל נישט געקענט חלומ'ען וועגן א גרעסערן כבוד און וועגן א טיפערער גייסטיקער באַפרידיקונג. איז דאך דער נאמען גרעץ א עמוד־האש אין יידישן קולטור־לעבן די עטלעכע דורות, וואס זענען פאראיבער זינט דער דאָזיקער קינסטלער פון יידישער היסטאָרישער וויסנשאפט האט געשאפן זיין אומפארגלייכלעכן דענקמאל פאר דער יידישער פארגאנגענהייט, האבן אים נישט נאר נישט געמאכט פארגעסן ווערן, נאר, אומגעקערט, זיי האבן אים דערהויבן צו דער פאזיציע פון דעם היסטאריקער פון יידישן פאלק.

געווים זענען אין די ווייטערדיקע דורות אויפגעשטאנען געשיכטע־שרייבער מיט נישט קיין קלענערער ערודיציע, פון נישט קיין קלענערן פארנעם, און געווים מיט א מאדערנערן, וויסנשאפטלעכן צוגאנג צו געוויסע מאמענטן אין דער יידישער היסטאריע; ס'איז אויך א פאקט, אז מאנכע פון זיי באנוצן זיך מיט א מער אויסגעהאלטענעם, סאציאלאגישן מעטאד. אבער ביז איצט האט בלויז גרעץ אזוי וואונדערפול פאראייניקט אין זיך דעם קינסטלער פון דער היסטארישער וויסנשאפטלעכער פארשונג מיט דעם דיכטער פון דעם עפאס און פון דער טיפער טראגיק, וואס ס'איז די יידישע פארגאנגענהייט אין פארשידענע צייטן און לענדער.

און דאס פאלק פילט די איינציקארטיקייט און אייגנארטיקייט פון גרעצן. אין באוווסטזיין פון דעם יידישן לייענער פארנעמט גרעץ דעם ערשטן פלאץ צווישן אלע אנדערע שאפער פון יידישע היסטארישע ווערק. מען זאגט: גרעץ און יאסט, גרעץ און דובנאוו, און נישט אומגעקערט.

דערפאר האב איך זיך דערפילט גייסטיק אזוי דערהויבן, ווען מ'האט מיר אנפארטרויט די ארבעט פון איבערזעצן פאר יידיש־שפאנישע לייענער דאס רעפרעזענטאטיווסטע ווערק פון יידישער געשיכטע. „עבודת הקודש", איך האב אויך פריער געקענט דעם דאזיקן העברעאישן אויסדרוק; איך האב אבער פריער אים קיין מאל נישט באגריפן אזוי גוט און זיך אזוי נישט דורכגעדרונגען מיט זיין טיפערן זין, ווי ווען איך האב זיך גענומען צוגרייטן צו מיין ארבעט

פון איבערגיסן גרעצ'ס געשיכטע אין א נייע שפּראכלעכע כלי, אזוי האָבן זיך געמוזט פילן אַמאָל יידישע סופרים פאַרן אָנהויבן שרייבן אַ ספר תורה.

ביי דער אַרבעט, פלעג איך אָפט פאַרגאַפט ווערן פון די פּאַנאָראַמעס פון געדאַנק און פון דיכטערישער אינטואיציע, וואָס פלעגן זיך מיר עפענען, און נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס איך האָב געוויסע זייטן אָדער אָפּזאַצן שוין געהאַט געלייענט דריי, פיר אָדער אַפילו פינף מאָל, פלעגן זיי מיר פאַרקומען ניי און פריש, ווי ס'פּאַסירט שטענדיק מיט עכטע קונסט ווערק.

און וואָס מער איך בין אריינגעדרונגען אין גרעץ'ס טעקסט, און נאָכמער אין דעם גייסט פון זיין ווערק, אַלץ קלאָרער און קלאָרער איז מיר געוואָרן, אַז בלויז מיט היסטאָרישן מאַטעריאַליזם קען מען די פּאַראַדאָקסן פון דער יידישער געשיכטלעכער עקזיסטענץ נישט דערקלערן. איך האָב אָנגעהויבן איינצוזען, אַז אויך גאַנץ אַנדערע פאַקטאָרן האָבן מיטבאַשטימט די געשיכטלעכע אנטוויקלונג און די העראָישע מאָמענטן פון יידישן פאָלק. מאָמענטן פּסיכאָלאָגישע און פאַקטאָרן פון געפיל.

אויב איך בין דובנאָוון דאַנקבאַר פאַר זיין פּראַגמאַטישן גלות-נאַציאָנאַליזם, האָב איך אָבער גרעצ'ן צו פאַרדאַנקען מיין אויסגע-ברייטערטן האָריזאָנט אין מיין דענקען וועגן יידן און יידנטום. גרעץ האָט מיך פאַרוואָרצלט אין יידישער מזרחדיקייט.

# קאמפאזיטארן פון וועלט־באַטיידונג

ווען מיר בלעטערן א בוך וועגן געשיכטע פון מוזיק, ווערט אונ־זער אויפמערקזאמקייט שטארק צוגעצויגן דורך דעם פאקט, וואס פארן נײַנצנטן יארהונדערט טרעפן מיר כמעט נישט אן קיין שום נאמען פון א יידישן קאמפאזיטאר.

אבער געשיכטע ווייסט נישט פון קיין צופאלן. אלץ איז דער רעזולטאט פון א פערפעקטן צוזאמענהאנג צווישן אורזאכן און זייערע פועל־יוצאס — קאוזאליטעט. ס'מוז דערפאר זיין א טיפערע אורזאך פארוואס קיין יידישע קאמפאזיטארן האבן זיך כמעט נישט באוויזן אין דער געשיכטע פון מוזיק **פארן** נײַנצענטן יארהונדערט, און פארוואס גראד אין דעם דאזיקן יארהונדערט באווייזט זיך א גאנצע פלעיאדע יידישע קאמפאזיטארן, וועלכע טראגט־ביי עד־היום אזוי פיל צו דער אוניווערסאלער מוזיק־קונסט.

די פראנצויזישע רעוואלוציע איז געווען אינם לעבן פון דעם יידישן פאלק אין צענטראל און מערב־אייראפע א געשעעניש פון דער גרעסטער וויכטיקייט. דער נײַנצענטער יארהונדערט איז געווען אן עפאכע פון רעוואלוציאנערן שטורעם, א יארהונדערט, וואס האט געמאכט די יידן פון יענע לענדער איבערגיין צו א גיכער אנטוויק־לונג אינם גייסט פון דער מאדערנער קולטור, און אנהויבן לעבן דאס לעבן פון דער סביבה. די געטא האט גענומען זיך פאנאנ־דערפאלן. פאר די יידן האבן זיך אויפגעפראלט די טירן צו דער גרוי־

סער וועלט, און אַלס רעזולטאַט דערפון איז געקומען דער אויפשוווּנג פון יידישע קאָמפּאָזיטאָרן.

ריידנדיק וועגן דער דאַזיקער קינסטלער־פּלעיאַדע, דאַרפן מיר מאַכן אַן אונטערשייד צווישן די גרויסע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס זענען בלויז פון יידישער אָפּשטאַמונג און די יעניקע, וואָס אויסדערדעם, זענען זיי דורך און דורך יידיש אין זייערע קאָמפּאָזיציעס. ווייל מ׳דאַרף אין זין האָבן, אַז אויסער דער עמאַנסיפּאַציע, וואָס די פראַנ־צויזישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט פאַר די יידן פון צענטראַל און מערב־אייראָפּע, האָט זי זיי אויך געגעבן אַ בולטע טענדענץ צו אוני־ווערסאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם.

---

לויט דער כראָנאָלאָגישער אָרדנונג, ווי אויך צוליב דעם אָפּ־קלאַנג, וואָס זיינע ווערק האָבן געהאַט אין דער מוזיקאַלישער וועלט, איז נאַטירלעך, אַז קודם־כל זאָל דאָ דערמאָנט ווערן פעליקס מענ־דעלסאָן־באַרטאָלדי, אַן אייניקל פונם גרויסן פילאָזאָף משה מענ־דעלסאָן.

דער נאָמען פון אָט דעם קאָמפּאָזיטאָר איז זייער פּאָפּולער. ווער ווייסט עס נישט פון זיין בארימטן „חופה־מארש"? אָבער נישט די דאָזיקע קאָמפּאָזיציע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אמתן מענדעל־סאָן. זיינע פאַרדינסטן זענען אַ סך, אַ סך גרעסערע.

נאָך דעם פּעריאָד פון די ריזן, — נאָך אַ באַך, אַ מאָצאַרט און אַ בעטהאָווען, איז קלאָר, אַז מענדעלסאָן קאָן נישט ווערן פאַרגע־שטעלט ווי אַ ריזן־געשטאַלט. אָבער ווען מיר נעמען רעדן וועגן שו־בערט, שומאַן און שאָפּען, דערמאָנען מיר זיך „איפּסעפּאַקטאָ" אויך וועגן מענדעלסאָנען. אויב די נעמען באַך, מאָצאַרט און בעטהאָווען ווערן פאַרשריבן מיט גאָלדענע אותיות, דאַרף דער נאָמען מענדעל־סאָן פאַרשריבן ווערן מיט זילבערנע אותיות אין דער געשיכטע פון מוזיק.

נישט דערפאַר פאַרלירט זיין וויכטיקייט דער גייסטיקער אינ־האַלט אין מענדעלסאָנס ווערק: ראָמאַנטיציזם פאַרוואַנדלט אין עלע־גאַנץ. ער איז אַ טרוימער, וואָס ווייסט ווי אומצוגיין אויפן איידלס־

טען אופן אין די פיינסטע סאלאנען. נישטא קיין טראגישע עלעמענטן אין מענדעלסאנס מוזיק. אים פעלן יענע טראסצענדאלע פראַבלעמען, וואס מיר הערן ארויס אין בעטהאווענס „הערא̇יקא". זיין מוזיק קאן בעסער כאראקטעריזירט ווערן דורך דער וואונדערלעכער גראציעזקייט פון א שמעטערלינג, וואס פליט־ארום צווישן בלומען. אמאל איז ער מעלאנכאליש, אבער זיין אומעט איז ווי א לייכט וואלקענדל אין א זומערדיקן טאג; דאס וואלקנדל, אויפן הינטערגרונט פון א לויטער־בלויען הימל, מאכט נאך שענער די פאנאראמע.

מענדעלסאן פארמאגט אויך גראנדיעזע אויפשוואונגען פון אן עפישן און דראמאטישן פאעט. ער פארפאסט די אראטאריע „אליהו", אין וועלכער עס צאפלט הערא̇איזם. ער באשאפט די „לידער אן ווערטער" און א סך אנדערע ווערק, וואס שטעלן איין פון דער ערשטער מינוט אן אינטימען קאנטאקט צווישן אים און דער אודיטאריע, איבערלאזנדיק א מין כשוף פון אוניווערסאלער שיינקייט.

ווער קאן עס פארגעסן די פראכט און די העלענישע פולקאמענהייט פון זיין „קאנטשערטא" פאר פידל און ארקעסטער? ס'קאן זיין, אז מיט דער צייט וועלן געוויסע ווערק מענדעלסאנס פארלירן אביסל פון זייער פאעטישער צוציאונגס־קראפט פאר די צוהערער; אבער דער גרעסטער טייל פון זיינע קאמפאזיציעס וועט ווייטער אנהאלטן אט יענע, כשופדיקע קראפט. וואס שייך זיין פידל־„קאנטשערטא", שטעלט ער מענדעלסאנען אוועק זייער נאנט צו בעטהאווענען.

נאר אויב דער קאמפאזיטאר פון „פאולוס" פארנעמט אלס שאפער אזא אנגעזעענעם ארט אין דער געשיכטע פון מוזיק, האט ער נאך אן אנדער גרויסן פארדינסט: טאקע מענדעלסאן איז עס געוועזן דער, וואס האט ארויסגעגראבן פון די פארשטויבטע ארכיוון די ווערק פון יאהאן סעבאסטיאן באך, און זיי אנטפלעקט פאר דער דערשטוינטער וועלט, בעת ער איז געוועזן דער דיריגענט פון לייפציגער „געוואנדהאוז ארקעסטער".

דאס איז, אין קורצע שטריכן, א בילד פון דעם שוואונגפולן קאמפאזיטאר, וועלכער איז עלעגאנט אין פארם, אמאל אויך טיף אין אינהאלט און שטענדיק פול מיט יענער גייסטיקער אינטימיטעט, וואס מיר געפינען אזוי ווייניק ביי אנדערע קאמפאזיטארן. אומויסט ווערט זיין מוזיק פארבאטן, ווי ס'געשעט איצטער אין נאצי־דייטש־

לאנד. דער דאָזיקער טרויעריקער עפּיזאָד וועט אריבער; און ווען קיי־נער וועט שוין נישט געדענקען די, וואָס האָבן געוואָלט אַפּווישן מענדעלסאָנס נאָמען, וועט די מוזיק פון „אַ חלום פון אַ זומערנאַכט", ווי דעם יידישן קאָמפּאָזיטאָרס זשעני נעמט זיך ברידערלעך ארום מיט שעקספּירן, אין דערזעלביקער פּאָעטישער אינספּיראַציע, ווייטער קלינגען אין די קאָנצערט־זאַלן פון אַלע קאָנטינענטן, און זיינע „שאָטלענדישע" און „איטאַליענישע" סימפּאָניעס און זיינע וווּנדערלעכע אָווערטורן וועלן נאָך אַלץ באַשיינען די קאָנצערט־פּראָגראַמען אין דער גאַנצער וועלט.

---

הגם ס'זענען שוין פאַרביי מער ווי הונדערט יאָר זינט דזשאַקאָמאָ מייערבער האָט געשאַפן זיינע ווערק, פיגורירן זיי נאָך אַלץ אין די רעפּערטואַרן פון די באַרימטסטע אָפּערן־טעאַטערס. דער דאָזיקער יידישער קאָמפּאָזיטאָר, געבוירן אין דייטשלאַנד און דערצויגן אין פראַנקרייך, רעפּרעזענטירט די אַזוי גערופענער „גראַנד אָפּעראַ".

די גרויסע טריומפן פון מייערבער, ספּעציעל אַ דאַנק זיינע „הוגענאָטן", „די אפריקאַנערין" און „ראָבערט דער טייוול" האָבן עס ארויסגערופן דעם צאָרן פון ריכאַרד וואַגנער, און אים געבראַכט צום פאַרהאַסן אַלע יידן בכלל. איך פּרעטענדיר נאַטירלעך נישט צו מאַכן אַן אויסוואַל צווישן ריכאַרד וואַגנער און מייערבער; כ'ווייס אַז וואַגנער איז וואַגנער, און אויב טראַסצענדעלטאַלע מוזיק איז די געטין פון פּאָעטישער אינטואיציע, איז וואַגנער איינער פון אירע גרעסטע נביאים. איך וויל דאָ בלויז אָנמערקן, אַז מייערבער, כאָטש ער איז אַזוי ווילד באַקעמפט געוואָרן דורכן קאָמפּאָזיטאָר פון „טאַנהויזער", נעמט נאָך עד־היום איין אויף די גרעסטע אָפּערע־בינעס.

אָבער דער באַדייטנדסטער און באַרימטסטער שעפער אויפן געביט פון אָפּערע איז ביזעט, דער אויטאָר פון „קאַרמען" — דער שיר־השירים פון דער אָפּערן־קונסט — אַ פולקאָמען ווערק, אין וועלכן אַלץ איז איינגעשטעלט מיט אַזאַ געפיל פון מאָס און פּראָפּאָרץ, וואָס איז איינאונאיינציק. אפילו ווען ער וואָלט נישט געהאַט געשאַפן „די פּערלזוכער", זיין סואיטע „ארלעזיען" און זיין סימפּאָניע, וואָלט

ביזעס נעבליבן אומשטערבלעך בלויז דורך דער אָפּשאַצונג וועגן דעם עסטעטישן ווערט פון „קאַרמען", וואָס פרידריך ניטשע מאַכט אין זיינע שריפטן וועגן וואַגנערן.

„קאַרמען" באַשטעטיקט נאָכאַמאָל דעם אמת וועגן דער אייביקער יוגנט פון געניאַלע קונסטווערק.

אַ טראַגישע נשמה איז געווען אַנטאָן רובינשטיין, וועלכער האָט געלעבט און געווירקט אינם צאַרישן רוסלאַנד.

אַ גרויסער טייל פון מזרח־אייראָפּע האָט דעמאָלט, אינם ניינצנטן יאָרהונדערט, געלעבט אונטערן יאָך פון אונטערדריקונג, און דער צאַריזם האָט געזוכט וואָס מער צו פאַרפאָלגן די אידן, בכדי אָפּצוציען דערמיט די אויפמערקזאַמקייט פון די ברייטע פאָלקסמאַסן, פון די אמתע סבות פון זייער אומגליקלעכן לעבן. נישט אומזיסט האָט דער דייטשער סאָציאַליסט אויגוסט בעבעל גערופן דעם אַנטיסעמיטיזם „דער סאָציאַליזם פון די נאַראָנים". דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז געשטיצט געוואָרן דורך דער צאַריסטישער קליקע, האָט נישט דערלויבט קיין שום בילדונג און ספּעציעל קיין קינסטלערישע אויסבילדונג פאַר יידן.

אַנטאָן רובינשטיין איז געבוירן געוואָרן אין אַ גבירישער פאַמיליע. זיינע עלטערן, דורך און דורך אַסימילירט, וועלנדיק צוגרייטן אַ פרייען וועג פאַר זייער קינד, האָבן אים אָפּגעשמדט אין זיינע פריסטע לעבנס־יאָרן. אַדאַנק דעם, איז ער שפּעטער אויפגענומען געוואָרן אין דער פּעטערבורגער מלוכה'שער קאָנסערוואַטאָריע.

רובינשטיין האָט געפירט אַ טראַגיש לעבן. טיף אין זיך איז ער געבליבן אַ ייד. ס'איז באַקאַנט, אַז אָפטמאָל איז ער בסוד־סודות געגאַנגען אין שול אַריין. די דראַמאַטיק טראַגעדיע זיינע ווייזט זיך אַרויס אין דעם, וואָס רובינשטיין האָט פאַרפאַסט אַ סך מוזיק אויף יידישע טעמעס, צווישן אַנדערע — די וווּנדער־שיינע אָראַטאָריע „די מכביער".

און פונקט ווי די טראַגעדיע פון דערוווּיטערט זיין פון זיין פאָלק און דאָך בלייבן אים טריי, וואָלט נישט געווען גענוג, האָט זיין גורל געוואָלט, אַז רובינשטיין זאָל, אויסער קאָמפּאָזיטאָר, אויך זיין איינער פון די גרעסטע פּיאַנאָ־ווירטואָזן אין דער געשיכטע פון מוזיק; אַ ווירטואָז, וועמען מען האָט, מיט רעכט, געקענט פאַרגלייכן

בלויז מיט פראנץ לישטן. זיינע ארויסטריטן אויף אט דעם געביט האבן געשאפן עפאכע אין אייראפע און אמעריקע. און עד־היום, ווען מען רעדט וועגן אנטאן רובינשטיין, דערמאנט מען זיך קודם־כל אן דעם וווּנדערלעכן פיאניסט, און זיין באריממקייט ווי א קאמפאזי־טאר ווערט דורך דעם אין א געוויסער מאס פארטונקלט.

איינע פון די אורזאכן פארוואס רובינשטיין האט אזוי פיל גע־ליטן אין זיין לעבן, איז געווים דער פאקט, וואס די מוזיקאלישע קרי־טיק פלעגט זיך מייסטנס אפשטעלן אויף זיינע פיאנא־אויפטריטן און ווידמען ווייניקער פלאץ צו זיינע קאמפאזיציעס, פון וועלכע די אפערע „דער דעמאן", פון וועלכער מאנכע אריעס זענען געווארן וועלט־באריממט, קען באטראכט ווערן אלס רעפרעזענטאטיוו.

---

מיר גייען איצט איבער צו א ריז צווישן די גדולים פון דער מו־זיק; צו איינעם פון די יידישע קאמפאזיטארן, וועמענס נאמען עס מעג אוועקגעשטעלט ווערן לעבן באך'ס, מאצארט'ס און בעטהאווען'ס. דאס איז גוסטאוו מאהלער.

דער דאזיקער עסטרייכיש־טשעכישער ייד איז אין דער סימפא־נישער ליטעראטור דער קאמפאזיטאר, וועמענס מוזיק האט א קאס־מישן פארנעם. ער איז דער קאמפאזיטאר, וואס איז אין זיין מוזיק באדריקט פון דער אומענדלעכקייט פון דעם אוניווערז. אויב בעטהא־ווענען האט אין זיין מוזיק מערסטנס אינטערעסירט דער מענטש אין זיין קאמף און דעם מענטשנס העראישע טאטן, האט מאהלערן, מוזי־קאליש, פארכאפט דער מענטש אין זיין קאסמישער אנגסט.

גוסטאוו מאהלער איז דער דאסטאיעווסקי פון דער מוזיק. זיינע שאפונגען ברענגען ארויס דעם מענטשן, וואס פילט זיך אן איינגע־שרומפענער, א נישטיקער קעגן דער אומענדלעכקייט פון צייט און קאסמאס, און וואס איז פול מיט פחד פארן געדאנק פון יום־הדין. די דאזיקע מוזיק האט אין זיך אפאקאליפטישע עלעמענטן. זי איז פול מיט פאטאס און טיפער טראגיק, פון דעם אנהויב פון דער ערש־טער סימפאניע ביז צו דעם אויסקלאנג פון מאהלערס לעצטער שאפ־פונג, דעם מיט וועלט־שמערץ דורכגעדרונגענעם „ליד פון דער ערד".

דער אויטאָר פון דער עפּאָכע־מאַכנדיקער „תחית המתים"־סימ־פאָניע האָט געהאַט אַ סך שונאים, וואָס האָבן אים פאַרביטערט דאָס לעבן אויף אָפענע און פאַרבאַהאַלטענע אופנים. וואָרום, אויסער קאָמפּאָזיטאָר, איז ער אויך געווען איינער פון די גאָניאַלסטע דירי־גענטן פון אַלע ציטן. צוליב זיין אויסערגעוויינלעכער קינסטלערי־שער אויפריכטיקייט און שטרענגקייט, פלעגט מען אים רופן דער טיראַן ביים דיריגענטן־פּולט. ס'איז אָבער אויך אמת, אַז קיינמאָל פריער האָט מען נישט געהערט שפּילן אַזוי רירנדיק, אַזוי אומבאַש־רייבלעך־שיין, די מוזיק פון מאָצאַרט, בעטהאָווען און וואַגנער, ווי אונטער דער צויבערהאַפטער ליטונג פון דעם דאָזיקן גאָניאַלן קאָמ־פּאָזיטער און זשעני פון דעם דיריגענטן־שטאָק. מאַהלערס נאָמען איז אויף אייביק געבליבן פאַרבונדן מיטן ווינער אָפּערן־טעאַטער, ווי אַ צייט־אָפּשניט אין דער געשיכטע פון דער וועלט־באַרימטער ווינער „שטאַטס־אָפּער", פון וועלכער ער איז יאָרן־לאַנג געווען דער הויפּט־דירעקטאָר.

---

לאָמיר פאַרבייגייענדיק דערמאָנען אַ היינטצייטיקן קאָמפּאָזי־טאָר, וואָס איז געקומען אין די פאַרייניקטע שטאַטן, אַנטלויפנדיק פון דעם לאַגער, ווו ס'איז איצט פאַרבאָטן די מוזיק פון מענדעלסאָן. זיין נאָמען איז אַרנאָלד שיינבערג. דאָס איז דער גייסטיקער פאָ־טער פון מוזיקאַלישן „מאָדערניזם"; ער איז דער אומרואיקער גייסט, דער זוכער פון נייע וועגן, דער אינטעלעקטועלער מוזיקער „פאַר עקסצעלאַנס"; דער קאָמפּאָזיטאָר, וועגן וועלכע ס'צוגייען זיך אַזוי שטאַרק די מיינונגען פון דער מוזיק־קריטיק, און וועלכער רופט שטענדיק אַרוים קעגן זיך אמת'ע אידעאָלאָגישע קרייץ־צוגן פון די מוזיקאַלישע קאָנסערוואַטאָרן. מיר קענען איצט איבערגיין צו אַ קאָמ־פּאָזיטאָר, וועמענס נאָמען איז פון די באַרימטסטע היינט צו טאָג אין דער מוזיקאַלישער וועלט: דער נישט לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענער ראַוועל.

כאָטש ער האָט צווישן זיינע אַנדערע צאָלרייכע ווערק אויך פאַרפאַסט אַ „קדיש" (פאַר סאָליסטן, כאָר און אָרקעסטער), איז ער אָבער אין זיינע אַלע אַנדערע ווערק אַ אוניווערסאַליסט, אַ פראַנצויז

מיט אַ שטאַרקער נייגונג אַריינצודרינגען אין דעם גייסט פון מוזיק פון אַנדערע פעלקער, ספּעציעל אין דעם שפּאַנישן.

ראַוועל איז איינער פון די ראַפינירטסטע גייסטער, וואָס מיר טרעפן אין דער מאָדערנער מוזיק. אַלץ וואָס ס'אַנטהאַלט דער פראַנצויזישער „עספּרי", געפינט זיך אין ראַוועלס מוזיק. זי צייכנט זיך אויס מיט איר אויסערגעוויינלעכער קלאָרקייט פון אויסדרוק און איידלקייט פון גייסט. וועד פילט זיך נישט אויפגעטרייסלט ביז אין אין די טיפסטע טיפעניישן פון זיין נשמה דורך דער „פּאַוואַנע צום אָנדענק פון אַ געשטאָרבענער פּרינצעסין", ווו עס אָטעמט אַ אומפאַרגלייכלעכע גייסטיקע אַריסטאָקראַטישקייט, אַ ספּיריטועלע נאָבלקייט, וועלכע פאַרוואַנדלט מענטשלעכן וויי אין הימלישע שיינקייט?

אין זיינע אָרקעסטער־ווערק, ווי, צום ביישפּיל, די צווייטע סויטע פון „דאַפנים און כלאָע", פּונקט אַזוי ווי אין זיינע פּיאַנאָ־שאַפונגען אָדער אין זיין קאַמער־מוזיק (ס'איז גענוג זיך צו דערמאָנען זיין שטרייך־„קוואַרטעט"), — אומעטום איז ראַוועל דער אומפאַרגלייכלעכער מייסטער פון מוזיקאַלישן קאָלאָריט. זיין אָרקעסטרירונג פון מוסאָרגסקי'ס באַרימטן פּיאַנאָ־ווערק „אויף אַ בילדער אויסשטעלונג" וועט בלייבן לדור דורות אַ מוסטער פון קינסטלערישער קלאַנג־פאַרביקייט, און וועט פאַרגליכן ווערן צו דעם וווּנדער פון מוזיקאַלישער מאַלערישקייט, וואָס עס איז דאָס ווערק פון אַן אַנדערן פראַנצויזיש־ייִדישן קאָמפּאָזיטאָר: „דער לערן־יונג פון דעם כשוף־מאַכער", פון פּאָל דוקאַס.

---

און אחרון אחרון חביב: ערנסט בלאָך.

דער דאָזיקער שווייצאַרישער ייִד, וואָס טראָגט טיף אין זיין נשמה אַזוי פיל אור־מזרח'דיקייט, איז אַ מוזיקאַלישער שאַפער פול מיט לעבנס־קראַפט און אָפּטימיזם.

קעגן דעם מענטשלעכן פּעסימיזם און קאָסמישן פּחד פון גוסטאַוו מאַהלער, און קעגן דער ראַפינירטקייט און פאָרם־עלעגאַנץ פון ראַוועל, שטעלט בלאָך אין זיין מוזיק אַ גייסטיקע קרעפטיקייט, וואָס

שטאַמט פון ביבלישן פּאַטאָס, פון וועלכן ער ציט אַמשטאַרקסטן זיין יניקה. אין די מייסטערווערק פון דעם דאָזיקן קאָמפּאָזיטאָר פילט זיך דער אָטעם פון דעם עטישן אויפברויז פון די נביאים.

בלאָך, דער קאָמפּאָזיטאָר פון וווּנדערלעכער מוזיק צו פאַרשידענע קאַפּיטלעך תהלים; פון דעם שוין קלאַסיש־געוואָרענעם כאָראַלן ווערק „עבודת הקודש" צום שבת'דיקן דאַווענען; דער קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער איז פונקט אַזוי אָנגעזען מיט זיינע קאָמפּאָזיציעס פאַר סימפאָנישן אָרקעסטער, ווי מיט זיינע שאַפונגען אויף דעם געביט פון קאַמער־מוזיק — דעם שווערסטן פון אַלע — האָט גלענצנד באַהערשט אין באַציאונג צו דער פאָרם פון זיינע שאַפונגען, די טעכנישע נייאיקייטן, וואָס ער האָט געקענט אַרויסבאַקומען פון די פאַרשידנערליי טענדענצן אין דער מאָדערנער, היינטצייטיקער מוזיק. אָבער אין דעם אור־גרונט פון זיינע מוזיקאַלישע אידייען און זייער וועזנטלעכן אינהאַלט, איז ער אַזוי אַרכאַיש־קלאַסיש, ווי די טיפן פון האָמער.

מאהלערס מוזיק טרייסלט אונז אויף ביז אין די טיפסטע טיפענישן פון אונזער אינערלעכן וועזן; ראַוועלס שאַפונגען זענען פול מיט ליכט און באַצויבערנדיקער פאַרבן־רייכקייט; פון בלאָכס מוזיקאַלישער וויטאַליטעט ווערן מיר מיטגעריסן. ער איז דער קרעפטיק־אָפּטימיסטישער פּאָעט אין דער גאָלדענער קייט פון גרויסע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן.

# אמעריקע – דער יורש פון יידישן מוזיק־געניוס פון אייראָפּע

פאַר די לעצטע פערציק־פופציק יאָר האָט אמעריקע, ספּעציעל די פאַרייניקטע שטאַטן, ארויסגעוויזן אַ מערקווירדיקע צוציאונגס־קראַפט פאַר אייראָפּעאישע קינסטלער. אין דער זעלבער צייט, וואָס אין די לענדער פון אַמעריקאַנישן קאָנטינענט האָט געהערשט דער פאָראורטייל, אַז קיין שום אַמעריקאַניש־געבוירענער קינסטלער קען נישט פּרעטענדירן אויף אַנערקענונג אין זיין אייגענעם לאַנד, כל זמן ער האָט נישט געהאַט געוווינט און געווען טעטיק אויפן קינסט־לערישן געביט אין אייראָפּע און דאָרט געקראָגן אַנערקענונג, האָבן אומצאָליקע אייראָפּעאישע קינסטלער זיך געצויגן קיין אַמעריקע, פילנדיק, אַז גראָד דאָרט וועלן זיי ערשט קריגן דעם ריכטיקן שוווּנג, און אַז זייער שעפערישע אַרבעט וועט ערשט דאָרט באַקומען נייע פליגל.

אויב דער דאָזיקער פאַקט איז ריכטיק וועגן קינסטלער אין אַל־געמיין, איז ער נאָך אין אַ גרעסערער מאָס אמת וועגן מוזיקער, סיי קאָמפּאָזיטאָרן, סיי אויספירער, און אויפן געביט פון מוזיק־קינסט־לערטום פאַרנעמען יידישע מוזיקער־אימיגראַנטן אין אַמעריקע דעם ערשטן פּלאַץ.

פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער, וואָס האָבן געהאַט אַ וויכטיק וואָרט צו זאָגן אויפן געביט פון מוזיק, האָבן זיך געצויגן קיין

אַמעריקע קינסטלער, וואָס האָבן שוין געהאַט געלאָזן אַ צייכן פון זייער פעראַנטוואָרטלעכקייט אין זייער אַלטער היים. זיי אַלע האָבן געפּרוווט זיך פאַרוואָרצלען אין אַמעריקע און דאָ ווייטער פאָרזעצן זייערע אַלטע קינסטלערישע מאָטיוון אָדער זיך באַנייען און אַריינאָטעמען, קינסטלעריש, די ריחות פון דער אַמעריקאַנער ערד.

דער שטראָם פון יידישע מוזיקער איז געווען אַ פאַרשידנאַרטיקער: עס זענען אין אים געווען פאַרטראָטן יידיש און העברעאיש רעדנדיקע, און אין ביידע שפּראַכן שאַפנדיקע קינסטלער פון פוילן, ליטע און רוסלאַנד; מוזיקער, וואָס לעבן זיך אויס אין אַנדערע שפּראַכן; וואָס זענען אָבער נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניק, און אויך קינסטלער אַסימילירטע, אָדער איבערהויפּט קאָסמאָפּאָליטיש געשטימטע. אַט די אַלע מוזיקער זענען מערסטנס געקומען פון אַמאָליקן עסטרייך, פון דייטשלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע.

וואָס אַנבאַלאַנגט דער צייט פון דעם אַריבערקומען פון די מוזיקער אימיגראַנטן קיין אַמעריקע, קען מען אייגנטלעך רעדן וועגן צוויי שטראָמען: דער ערשטער האָט זיך געצויגן צו די אַמעריקאַנישע ברעגן צווישן דעם סוף פון לעצטן יאָרהונדערט און דעם אָנהויב פון דעם ערשטן וועלט־קריג, און דער צווייטער האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, און איז פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. ער ציט זיך נאָך ביז איצט.

ווען מיר וואַרפן אַ רעטראָספּעקטיוון בליק אויף דער אימיגראַציע פון יידישע מוזיקער קיין אַמעריקע, קענען מיר מיט אַ רואיקן געוויסן מאַכן די באַהויפּטונג, אַז מיט געוויסע אויסנאַמען, דער עיקר אין סאָוועטן־רוסלאַנד, האָט אַמעריקע אָפּגעירש'נט דעם יידישען מוזיק־גענייוס פון אייראָפּע.

— 2 —

דער געוויינלעכער וועג פון דעם ערשטן שטראָם יידישע מוזיקער־אימיגראַנטן איז געווען: קומען אַהער, טריאומפירן און דאָך זיך פילן עפּעס ווי אַנטוישט, זיך פאַרבענקען נאָך אייראָפּע, אַוועקפאָרן צוריק אַהין פון וואַנען מ'איז געקומען, און ערשט דאַן איינזען, אַז די ריכטיקע, באַשטענדיקע היים וועט שוין זיין אַמעריקע. זיי

פלעגן זיך צוריקקערן מיט א געוויסן באוווסטזיין פון שולדיקייט. זייער שעפערישע טעטיקייט דא האט פון דעם בלויז געקענט געווינען.

אנגעהויבן האט זיך די פלעיאדע פון יידישע מוזיקער, וואס האבן אזוי באריכערט דאס מוזיקאלישע לעבן און די מוזיקאלישע קולטור אין אמעריקע, מיט דריי דיריגענטן, וואס האבן אפגעטאן א ריזיקע פיאנערן ארבעט: אלפרעד הערץ, ארטור באדאנצקי און וואלטער דאמראש. ס׳איז נישט קיין איבערטרייבונג צו זאגן, אז אט די דריי קינסטלער האבן די פארייניקטע שטאטן אין א גרויסער מאס צו פארדאנקען דעם אויפבלי פון זייערע אפערן־טעאטערן, סימפאנישע ארקעסטערס און אראטאריא געזעלשאפטן.

א קאלאסאלע ווירקונג האט געהאט אויף דעם מוזיקאלישן לעבן אין אמעריקע די קורצע, אבער פרוכטבארע טעטיקייט פון דעם גע־ניאלן יידיש־עסטרייכישן דיריגענט און קאמפאזיטאר גוסטאוו מאה־לער. נאך איצט, מער ווי דרייסיק יאר שפעטער, ווערן זיינע אויפ־פירונגען דערמאנט און באטראכט פון דער קריטיק אלס די פארקער־פערונג פון קינסטלערישער פולקאמענהייט.

די קינסטלערישע הויכקייט, וואס עס האבן אין אמעריקע דער־גרייכט אזעלכע אימיגראנטן פון זעלבן פעריאד ווי צימבאליסט, על־מאן און הפץ, אויפן געביט פון פידל־קונסט, און אזעלכע פיאנא־ווירטואזן ווי די אימיגראנטן גאברילאוויטש און גאדאווסקי, איז געווארן א שם דבר און „סטאנדארד” פאר אלע אנדערע קינסטלער אויף די דאזיקע געביטן.

וויניקער האבן זיך אין דעם דאזיקן שטראם געפונען באריטנ־דע יידישע קאמפאזיטארן פון אייראפע. צווישן זיי דארף דערמאנט ווערן דער שפעטער, מיט רעכט, בארימט געווארענער יעקב שיפער.

אין דער דאזיקער הינזיכט איז רייכער געווען דער צווייטער שטראם יידישע מוזיקער־אימיגראנטן, וועלכער האט אנגעהויבן צו קומען קיין אמעריקע נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זינט דאן איז אמעריקע, די יידישע ווי די אלגעמיינע, באריכערט געווארן מיט מאנכע יידישע קאמפאזיטארן, וועגן וועלכע מ׳קען באמת זאגן, אז „אייראפעס פארלוסט איז אמעריקעס געווינס”.

אין דער ערשטער רייע קומט, נאטירלעך, ערנעסט בלאך, וועמענס מוזיקאלישער אוניווערסאליזם און טיף־יידישע גייסטיקע פאר־

וואָרצלטקייט גייען האַנט ביי האַנט. ער האָט באַוויזן צו שאַפן עפּאָ־כע־מאַכנדע ווערק, און וועלכע ער האָט באַזונגען אַמעריקעס גרויס־קייט און אומענדלעכע שפע. בלאָך, איינער פון די רעפּרעזענטאַ־טיווסטע קאָמפּאָזיטאָרן פון אונזער צייט, איז אַמעריקעס שטאָלץ.

איינער פון די באַרימטסטע מאָדערנע קאָמפּאָזיטאָרן איז דער יידיש־רוסישער עמיגראַנט לאַזאַר סאַמינסקי, וועמען די סאָוויעטישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט אַהער. סאַמינסקי, אַ גלענצנדער קענער פון יידישן פאָלקלאָר, איז גלייכצייטיק פאַרליבט אין תנ״ך און אין ביבלישע טעמעס; ער איז אָבער נישט ווייניקער פאַראינטערעסירט אין די „מאָדערניסטישע" פאָרמען פון דער מוזיק.

לעאָ ליאָוו, דער גלענצנדער כאָר־דיריגענט פון ווארשע און באַקאַנטער יידישער קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער איז פאַר'כשופט פון ארץ ישראל, ווו ער האָט געלעבט פינף יאָר, איז אַ גרויסע באַרייכערונג פאַר דעם יידישן מוזיק־לעבן אין אַמעריקע. זיין קאָמפּאָזיטאָרישע טעטיקייט האָט ערשט דאָ געקראָגן דעם ריכטיקן אויפשוווּנג. אויך אים האָט געבראַכט דער צווייטער שטראָם.

דער אימיגראַנט לאַזאַר ווײַנער איז געוויס איינער פון די אינטערעסאַנטסטע מאָדערנע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס אינטערע־סירן זיך מיט יידישער ווירקלעכקייט און לעבן זיך אויס אין יידיש. אי זיין טעטיקייט אַלס מוזיק־שאַפער, אי זיין ווירקונג אַלס כאָר און אָרקעסטער־דיריגענט, איז פון באמת גרויסער קינסטלערישער באַדייטונג.

דער היטלעריזם האָט אַרויסגעוואָרפן פון דייטשלאַנד און גע־בראַכט קיין אַמעריקע איינעם פון די אומרואיקסטע גייסטער אין דער מאָדערנער מוזיק: אַרנאָלד שיינבערג, וועמענס ווערק זענען די אַממערסטן דיסקוטירטע און וועמענס שאַפן איז פול מיט פּראָב־לעמען און אָנדייטונגען אויף מעגלעכע נייע אַנטוויקלונגען אין דער קונסט פון קאָמפּאָזיציע.

אַ בכבודיקן פּלאַץ נעבן אים פאַרנעמט דער באַרימטער יידי־שער קאָמפּאָזיטאָר פון פראַנקרייך, דאַריוס מילאָ, וועלכער האָט זיך קוים געראַטעוועט, ווען היטלערס האָרדעס האָבן פאַרנומען פּאַריז. מילאָ, איינער פון די קאָריפייען פון מוזיקאַלישן „מאָדערניזם", איז אויך פאַראינטערעסירט אין ביבלישע מאָטיוון.

איינער פון די באַרימטסטע דיריגענטן פון איצטיקן יאָר־הונ־דערט איז סערגיי קוסעוויצקי, דער אָנפירער פון דעם נישט ווייניקער באַרימטן באָסטאָנער סימפאָנישן אָרקעסטער. אים האָט געבראַכט ריין אַמעריקע די סאָוויעטישע רעוואָלוציע. זיין נאָמען סערגיי דאַרף נישט פאַרשטעלן דעם פאַקט, אַז ער איז אַ פול־בלוטיקער און נישט אינגאַנצן אַסימילירטער ייד.

די זעלבע מאָס רום געניסן די יידישע אָרקעסטער־דיריקענטן ברונאָ וואַלטער און אָטאָ קלעמפערער, וועמען היטלער האָט אַרויס־געוואָרפן פון דייטשלאַנד, און וועלכע באַשיינען איצט דאָס מוזיקאַ־לישע לעבן אין אַמעריקע. עריך ליינסדאָרף, דער בלויז עטלעכע און דרייסיק יאָר אַלטער יידישער פליכטלינג־דיריגענט פון דייטשלאַנד, איז איצט אַ דיריגענט פאַר דעם וואַגנער און אַלגעמיין־דייטשן אָפּערן רעפּערטואַר אין דער „מעטראָפּאָליטען אָפּערא האַוז" אין ניו־יאָרק. אַרטור ראָדזינסקי, וועמען פוילן האָט פאַרשטויסן, און יודזשין אָר־מאַנדי, וועלכער האָט געמוזט עמיגרירן פון דעם אַנטיסעמיטישן אונ־גאַרן, זענען צוויי אויפגייענדע שטערן אויפן האָריזאָנט פון דירי־גענטישער וועלט־באַרימטקייט. ביידע זענען זייער אַקטיוו אויך אַלס שטיצער פון מאָדערנער מוזיק.

צווישן די, וואָס האָבן אַ לאַנגע צייט געווירקט און געווען באַ־רימט אין אייראָפּע אַלס גלענצנדע מוזיק־קריטיקער און פאָרשער, און וואָס זענען איצט פליכטלינגען אין די פאַרייניקטע שטאַטן, דאַר־פען אויפן ערשטן פּלאַץ דערמאָנט ווערן אַלפרעד איינשטיין און הוגאָ לייכטענטריט. איינשטיין, געוועזענער מוזיק־קריטיקער פון „בערלי־נער טאַגעבלאַט", האָט שוין באַוויזן אַ סך בייצוטראָגן צו דער מו־זיק־פאָרשונג אין אַמעריקע, און לייכטענטריט האָט שוין דאָרט פאַ־רעפענטלעכט אייניקע וויכטיקע ווערק, געשריבן אין אַ פּרעכטיקן ענגליש.

די ליסטע איז זייער אַ לאַנגע. איך האָב דערפאַר דאָ געבראַכט בלויז אייניקע געציילטע רעפּרעזענטאַטיווע ביישפּילן. בלויז נאָך עט־לעכע נעמען פון אויספּירנדיקע קינסטלער, וואָס האָבן זיך לעצטנס באַזעצט אין אַמעריקע, וועט נאָך קלאָרער ווערן, אַז אַמעריקע איז איצט פּאַקטיש דער יורש פון דעם יידישן מוזיק־געניוס פון איי־ראָפּע, ספּעציעל ווען מיר נעמען אין אַכט די אין אַמעריקע גופא גע־

בוירענע גרויסע יידישע קאָמפּאָזיטאָרן, ווי גערשווין, קאָפּלאַנד, יאַ־קאָבי, בינדער און אַ גאַנצע, זייער לאַנגע רייע פון אַנדערע באַדייטנ־דע מוזיק־שאַפער. אין אַמעריקע האָבן זיך לעצטנס באַוויזן אויף שטענדיק, אַזעלכע גאָניאַלע יידישע אויספירנדע קינסטלער ווי די פּיאַניסטן מאָריטץ ראָזענטאַל, רודאָלף סערקין, אַלעקסאַנדער בראַי־לאָווסקי, וולאַדימיר האָראָוויץ; פידלער ווי קרייזלער, מילשטיין שי־געטי; טשעליסטן ווי עמאַנועל פויערמאַן און גרעגאָר פּיאַטיגאָרסקי; זינגער ווי אַלעקסאַנדער קיפּניס, און מערערע דיריגענטן ווי: יאַשאַ האָרענשטיין, דער געוועזענער דיריגענט פון דעם בערלינער סימפאָ־נישן אָרקעסטער, און האַנס ווילהעלם שטיינבערג, טאָסקאַנינים גע־הילף נאָך פון דעם פּאַלעסטינישן סימפאָנישן אָרקעסטער.

דאָס אַלגעמיינע בילד, וואָס ס'באַקומט זיך פון אָט די אַלע עפּי־זאָדישע דאַטן, איז אַז אַמעריקע איז אין דעם לעצטן האַלבן יאָר־הונדערט געוואָרן דער וועלט־צענטער פון די יידישע מוזיק־קינסט־לער, סיי קאָמפּאָזיטאָרן, סיי אויספירער און אינטערפּרעטירער, אויפן חשבון פון אייראָפּע.

# מוזיק פון סאָציאַלן אומעט

פונקט ווי די יידישע ליטעראַטור איז שוין אַרויסגעגאַנגען פון די ענגע ראַמען פון ריין־נאַציאָנאַלן באַדייט און ציילט, שוין ווערק, וועלכע ווייזן אָן, אַז זי געפינט זיך אויפן וועג צו וועלט־פאַרנעם, פאַרמאָגט שוין אויך דער יידישער מוזיקאַלישער געביט קאָמפּאָזיטאָרן און ווערק, מיט וועלכע מיר קענען זיך פרעזענטירן פאַר דער גרויסער וועלט פון קונסט.

מיר מיינען דאָ, נאַטירלעך, נישט די גרויסע פלעיאַדע פון יידישע וועלט־באַרימטע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס הויבט זיך אָן מיט מענדעלסאָן און ציט זיך ביז ערנסט בלאָך. מיר האָבן אין זינען די יעניקע מוזיק־שאַפער, וואָס האָבן באַוווסטזיניק און פרייוויליק פאַרבונדן זייער קינסטלערישן שיקזאַל מיט דעם יידישן קולטור־רענעסאַנס; וועלכע ווידמען זייער טאַלאַנט דער אויפגאַבע פון רייכער מאַכן דאָס גייסטיקע לעבן פון די יידישע מאַסן, און לעבן זיך אויס אין דער שפּראַך פון דער יידישער פאָלקסטימלעכקייט: אין יידיש. די דאָזיקע קאָמפּאָזיטאָרן, ווען זיי דאַרפן זיך באַנוצן, צו דערגרייכן זייערע קינסטלערישע צוועקן, מיטן מענטשלעכן וואָרט, באַנוצן זיי אים אין אונזער פאָלקס־שפּראַך.

איינער פון די באַגאַבטע פאָרשטייערס פון דער גרופּע קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס פאַרבינדט איר קינסטלערישן שיקזאַל מיט יידיש, איז לאַזאַר ווײַנער.

דער שוווּנגפולער דיריגענט פון דעם ניו־יאָרקער אַרבעטער־רינג

אויער שטארק אויפגאמס־פיאיק אויך פאר די קלאסישע ווערק פון דער אלגעמיינער מוזיק־ליטעראטור. אפשר פעלט אים דער חוש פאר נייע וועגן, פאר נייערע פארמען אין דער מוזיק; ער איז אבער ער־לעך צו זיך אליין און ער האט דעם מוט נישט צו זיין קיין מוזיקא־לישער „מאדערניסט", נישט צו דינען אין דער קונסט צו געטער, וועלכע ער אנערקענט נישט. ליאווס כאר־רעפערטואר איז אפשר באגרענעצט, אבער ער איז באהויכט פון קינסטלערישער אויפריכ־טיקייט.

דערפאר אבער שפרודלט און ברויזט ליאוו אין די גרעניצן פון זיין רעפערטואר מיט יוגנטלעכקייט, מיט פריש־צאפלדיקער טעמפע־ראמענטפולקייט, וועלכע רייסט מיט זיין כאר און פארכשופט די צו־הערער. אין זיינע אינטערפרעטאציעס הערשט שטענדיק א הויכע קינסטלערישע טעמפעראטור.

ליאוו, דער דיריגענט, איז דער מייסטער פון שארף־געצייכנטע קאנטורן און נאך שארפערע קאנטראסטן. זיין דיריגענטן־טעכניק דערמאנט אין די פון אן אנדערן גרויס־מייסטער פון כאר־פירערשאפט: סערגיי יאראוו. זיין ווירטואזיטעט מיט דעם דיריגענטן־שטאק דער־לויבט אים צו פירן א בליץ־קריג קעגן דער ריטמישער אומזיכערקייט פון וועלכן ס'איז טייל פון כאר. ער באזיגט איר נאך איידער זי באוויזט ארויסצוקומען אויף דער אויבערפלעך.

דיסציפלין, ריטמישע גענויאיקייט און געזאנגלעכע עפעקט־פול־קייט, באזירט אויף ליכט און שאטן שפיל, דאס אלץ ברענגט ליאוו שטענדיק וואונדערלעך ארויס. דער אויסגעשפראכענער ווילן צו עפעקט־פולקייט פאראורזאכט, אז אמאל איז דער ליכט און שאטן שפיל אפשר צו שטארק; דא און דארט האט אפשר געקענט געמאכט ווערן א מער דעליקאטער איבערגאנג; ס'האט אפשר געקענט געצייכנט ווערן א פיינערער מוזיקאלישער שטריך. אבער דאס זענען דעטאלן, וואס קענען נישט פארטונקלען דאס גרונט־בילד פון דעם העכטן קינסטלער ליאוו, דעם מייסטער־דיריגענט פון יידישע כארן, וועמענס דיריזשירן און קינסטלערישע אינטערפרעטאציעס האבן אין זיך יענע שפרודלדיקע פולבלוטיקייט, וואס איז דער קינסטלערישער בשוף פון רובענס'עס בילדער.

# לאזאר ווײנער, דער קינסטלער פון דיסקרעטער קרעפטיקייט

לאזאר ווײנער געהערט צו די יעניקע ווײניקע כאָר־ (און אויך אָר־קעסטער) דיריגענטן, וועלכע, טאקע צוליב דעם וואָס זײ פארמאָגן א שטארק אויסגעשפּראָכענע קינסטלערישע פערזענלעכקייט, קענען זײ זיך דערלויבן דעם לוקסוס נישט צו שפּילן זיך אין „טעמפעראַמענט" און אין קינסטלעכער רײכקייט און פארשידנאַרטיקייט פון האַנט־באַוועגונג און זשעסטיקולאַציע. נישט אָפּט זעט מען דיריגענטן מיט ווײנערס עקאָנאָמיע פון דיריגענטן־שטאָק. פּרעציז, דורכדרינגענד און דאָך מאָלעריש, זענען ווײנערס אָנווײזונגען, מער ווי מאַטעמאַטיש־פיגוראַלע פאָרלויפערס, אינספּירירנדיקע אויסדרוקן פון א מיט־חבר, אָן ערשטן צווישן גלײכע, א מיטלעבנדיקן אין די עמאָציעס פון דעם אַנסאַמבל.

ווער ס'האָט א געוויסע דערפאַרונג אין ריטם־דורכפירונג בײ פארשידענע דיריגענטן, פאַר דעם איז א באַזונדערער פאַרגעניגן צו באַאָבאַכטן ווײנערס געפיל פאַר ריטם. אונטער זײַן פירנדיקער האַנט איז דער ריטם פונם כאָר נישט דער האַרטער, אַלגעבראַאיש־מעסי־קער, אָפּגעהאַקטער, שטענדיק „סטאַקאַטאָ"־קלינגענדיקער ריטם, וואָס קען די שענסטע מוזיק מאַכן מאָנאָטאָן; ס'איז פיל מער די עלאַסטיק פון בעסטן שטאָל: אומצוברעכבאַר און דאָך בײגיק.

ווײנער איז אײנער פון יענע ווײניקע דיריגענטן, בײ וועלכע דער כאָר זינגט ראשית כל מיט איבערצײַגענדער לאָגיק; בײ וועלכע

אַלע דריי עלעמענטן: די מוזיקאַלישע עטימאָלאָגיע (ריכטיקעם גאָטן־לייענען), מוזיקאַלישער סינטאַקסיס (אויפבוי פון מוזיקאַלישן זאַץ) און, נאַטירלעך, דער מוזיקאַלישער פּעריאָד, (סטיל־ניואַנסן און קלאַנג־פאַרב) קומען צו זייער פולן אויסדרוק, און ביי וועלכן — טאַקע צו־ליב דעם אַלעם — די פּויזעס, דאָס שווייגן פון גאַנצן כאָר אָדער פון איינציקע זיינע סעקטאָרן, איז אויסדרוקספול.

און דיקציע, דער דאָזיקער אומגליקלעכער עלעמענט, וועלכער איז אַזוי פאַרלאָזן אין אַזוי פיל אידישע (און נישט־אידישע) כאָרן, קריגט אונטער ווײַנערס דיריגענטן־שטאָק איר פאַרדינטע, באמת־גרויסע אויפמערקזאַמקייט. ער האָט די נויטיקע פאַרשטענדעניש פאַר קאָנסאָנאַנטן און וואָקאַלן, און פאַר זייער באַדייט און פּראָ־פּאָרץ אינם זינגען.

אָבער וואָס ס'איז פּילייכט דאָס אינטערעסאַנטסטע אין לאַזאַר ווײַנערן אַלס דיריגענט פון אַ יידישן אַרבעטער־כאָר, איז דאָס וואָס ס'ניט זיך אים איין צו באַפרייען זיין אַנסאַמבל פון יעדן אָפּקלאַנג פון דעם יידישלעכן „קרעכצעלע", וואָס ווייעט פון אַ היפּש ביסל פון דער יידישער מוזיק פון דעם עלטערן — און אפשר שוין פאַ־רעלטערטן־רעפּערטואַר, וואָס יידישע אַרבעטער־כאָרן פלעגן זינגען מיט אַ יאָר צוואַנציק, פינף און צוואַנציק צוריק. ווײַנערס אַרבעטער־רינג כאָר זינגט פאָלשטענדיק פריי. ער לעבט זיך איין און פילט זיך אריין פונקט אַזוי אין לאַזאַר ווײַנערס העכסט מאָדערנער, פאַרן אויער פון אַ „רוטינער" אָפּט מאָל העכסט געוואַגטער, ניי־קלינגענדי־קער מוזיק, ווי אין די טראַדיציאָנעלע, קיין שום אומרואיקייט נישט אַרויסרופנדיקע האַרמאָניק פון מענדעלסאָן. דער פאַקט, וואָס ווײַנער האָט זיין כאָר געמאַכט אַזוי אויפנאַם־פעאיק פאַר די נייערע, מאָ־דערנערע פאָרמען פון מוזיקאַלישן אויסדרוק, איז נישט קיין קלענער קאָמפּלימענט פאַרן דיריגענט פון דעם אַרבעטער־רינג־כאָר.

אָט די אַלע אייגנשאַפטן פון לאַזאַר ווײַנער דעם דיריגענט, צו וועלכע מ'דאַרף נאָך צורעכענען זיין פעאיקייט אַרויסצוקריגן פון זיין כאָר מעכטיקן און דאָך דיסקרעטן זינגען, רואיקע — און דאָך וויב־רירענדיקע, מיט עמאָציע אָנגעלאָדענע „פּיאַניסימאָ"־פּאַסאַזשן, ווי

אויך זיין מייסטערהאפטן שטייגערן די עלעמענטן פון איין און דעם זעלבן מאָטיוו, — שאפן אין זיין כאָר, וועמענס אַלע שטים־סעקטאָרען זענען פולשטענדיק גלייכבארעכטיקט און פאר אים גלייך וויכטיק, די פייאיקייט צום זינגען מיט יענער פרייד וואָס, זייענדיק באַזירט אויף פליכט־באַוווסטזיין און העכערן סאָלידאריטעטס־געפיל, מאכט זי מעגלעך אָרגאנישע, אינטעגראַלע, קינסטלעריש־שוואונגפולע אויספירונגען, און קינסטלעריש,ווידער־שאַפנדיקע אינטערפּרעטאַציעס.

# זרובבל׳ס רעדנער־קונסט

יעדער באמת גרויסער רעדנער שטייט אין דינסט פון א געוויסער סאָציאַלער אידייע. די אויפגאַבע וואָס ער שטעלט זיך, איז נישט צו פאַרשאַפן זיינע צוהערער אָנגענעמע מינוטן אָדער שעהן, נאָר ארויסרופן אין זיי א גייסטיקע אומרואיקייט, באַזיגן זייער אינערציע און באַוועגן זיי צו געוויסע טאטן אין א באַשטימטער סאָציאַלער ריכטונג.

אַלע גרויסע רעדנער זענען דערפאַר דורכגעדרונגען מיט אן עטישן פאַטאָס, וועלכער גיט זיך איבער דער אוידיטאָריע און שאַפט גלייך פון אָנהויב אָן א געפילס־קאָנטאַקט, וואָס איז די נויטיקסטע פאָרבאַדינגונג פאַר א געשפאַנטער אויפמערקזאַמקייט, מצד דער צוהערערשאַפט.

דאָס שיין־רעדן, דער גאַנצער קינסטלעריש־אָראַטאָרישער אַפּאַראַט, איז ביי די באמת גרויסע רעדנער קיינמאָל נישט קיין ענדציל, און שטענדיק בלויז א מיטל צו אן אינטעלעקטועלן צוועק: פאַרשפּרייטען אידייען און אָנרעגן צו טעטיקייט. אָבער דער גרויסער רעדנער מוז אויך זיין א גרויסער קינסטלער, און אַלס אַזעלכער ווייסט ער, אַז דער בעסטער וועג צו דערגרייכן אונזער אינטעלעקט און מאַכן, אַז ער זאָל באַאיינפלוסן אונזער ווילן, איז נישט דער נאָענט־ווייטער וועג פון אַפּעלירן דירעקט צו אונזער געדאַנק, נאָר דער ווייט־נאָענטער פון ווירקן אויף אונזער פאַנטאַזיע, און דורך איר אויף אונזער האַרץ. דער גרויסער רעדנער־קינסטלער ווייסט דעם סוד, אַז דער שליסל,

צו אונזער געדאנקען־ און טאטן־וועלט, ליגט אין אונזער וועלט פון געשטאלטן און עמאָציעס. דערפאַר זענען אַלע גרויסע רעדנער, אין די מאָמענטן פון זייער קינסטלערישער דערהויבונג, עכטע פּאָעטן.

די צוויי הויפּט־אויסדרוקן פון דער גרויסער רעדנער קונסט זע־נען: דער רעדנער־סקולפּטאָר און דער רעדנער־מאָלער. צום ערשטן טיפּ, האָט געהערט ד"ר זשיטלאָווסקי; דעם צווייטן פּארקערפּערט — זרבבל.

דער רעדנער־סקולפּטאָר באַנוצט זיך מיט דער שפּראַך כדי אויס־צוהאַמערן שאַרפע קאָנטורן פאַר דעם געדאַנקלעכן אינהאַלט. וואָס וואולקאַנישער ס'איז זיין טעמפּעראַמענט, אַלץ שאַרפער זענען זיי. זיינע געדאַנקען נעמען אָן די באַרעליעף־פאָרם; זיין רעדן איז עקס־פּרעסיאָניסטיש, און איין צענטראַלער געדאַנק איז ביי אים שאַרף אָפּגעטיילט פון צווייטן. אָפטמאָל איז זיין עקספּאָזיציע גאָטיש אין איר זיכטבאַרער טענדענץ צום שפּיץ געדאַנק.

דער רעדנער־מאָלער דאָקעגן איז, אין גרונט גענומען, א פּייזאַז־שיסט. ער עפנט פאַר אונז יעדעס מאָל נייע פּאַנאָראַמען און לאָזט אונזער אויג זיך אָנזעטיקן מיט ליכט־ און שאָטן־שפּיל פון זיינע בילדער. ער באַדריקט אונז נישט מיט דער שפּראַכלעכער שפּאַרזאַמ־קייט און עמאָציאָנעלער אינטענסיווקייט פון דעם קינסטלער־סקולפּטאָר. ער נעמט אונז מיט אויף א שפּאַציר, און צווישן איין פּייזאַזש און דעם צווייטן וואָס ער ווייזט אונז, פאַרנאַרט ער אונז אין דער נעץ פון זיין אידייען־ און געדאַנקען וועלט, און מיר פילן גאָרנישט די געפאַנגענשאַפט.

זרבבל, דער רעדנער־פּייזאַזשיסט, איז ווי א ברייטער טייך, אין וועלכן גלייכצייטיק מיטן הויפּט שטראָם, ווירקן אויך פאַרשידענע נעבן־שטראָמען. זיינע א רעדע איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אָן אָרגאַ־נישע איינהייט, אָבער איר פילט די עלאַסטישע לויזקייט פון איר גע־בוי, וואָס דערלויבט אים זיך אָפּצווייגן אַזוי פריי פון דער הויפּט טע־מע, אריינדרינגען אין גאַנץ נייע געביטן, און דאָך אַזוי לייכט צוריק־קומען צום פּונקט, וועלכן ער האָט אויגנשיינלעך פאַרלוירן. ווייטער וועבט זיך זיין עמאָציאָנעלער פאָדים און ווידעראַמאָל מאָלט ער גרויס אָנגעלייגטע לייוונטן. מיר זענען אין דער מאַכט פון א זיסן כישוף, און דער צויבערער הייסט — זרבבל.

מיט וואָס פאַר אַן עלעמענטן אָפּערירט זרבבל דער רעדנער?

אמתע נישט־סטיליזירטע פאָלקסטימלעכקייט איז דער וויכטיקס־טער כאַראַקטער שטריך פון זרבבלס רעדנער־קונסט, ווי אַ מאָלער און שילדערער, און ראַפינירטע, אַזוי שוועד דערגרייכבאַרע, איינפאַכ־קייט, ווי אַ ציער פון לאָגישע שלוסן, און אויסדריקער פון אַלגעמיי־נע אידייען. זרבבל איז טיף, טיף איינגעוואַקסן אין יידישן פאָלקס־טום׳ ווען איר הערט זיין טיפּיש־יידישע מאָדולאַציע און באַנעמט זיין איינגנאַרטיקן יידישן טראָפּ, וואָס איז אַזוי הימל־וויט פון דער רוטינע פון „אַקאַדעמישער" אַקצענטירונג; ווען איר קוקט זיך צו צו זיין אַזוי יידישער זשעסטיקולאַציע און מימיק, אָט די פאַנטאַ־מינע, וואָס דינט אים ווי אַ פאַרזעצונג פון דער עקספּאַזיציע אין די מאָמענטן ווען דאָס וואָרט ווערט איבערגעריסן און ס׳קומט אַ פּויזע, פילט איר ווי נאָנט ס׳איז אים די פּסיכישע דינאַמיק פון אַן אַלטער יכנה"ז אָדער פון אַ טוביה דעם מילכיקן. פון זרבבלס איינגעוואָרצלטקייט אין יידישן פאָלקסטום און זיין צונויפגעלעבט־קייט מיט דעם אינערלעכן מהות און דעם אויסערלעכן אויסדרוק פון דער יידישער מאַסן־פּסיכיק, שטאַמט זיין וווּנדערבאַרער געפיל פאַר די פיינסטע ניואַנסן פון דער יידישער שפּראַך. „אַ ביסעלע מער" איז טאַקע פאַרשטענדלעך און גענוג אויסצודריקן אַ נעדאַנק, אָבער „אַ קאַפּעטשקע מער" איז בילדלעכער און אויסדרוקספולער. „רויט" איז טאַקע גענוג צו באַצייכענען אַ פאַרב, אָבער „צונטער־רויט" איז צאַפּלדיק־שיין. זיין שפּראַך־פּענזל איז ברייט, און אַנשטאַט ווערטער־דעפיניציעס, גיט ער אונז ווערטער־בילדער. ער באַנוצט זיך דערביי, מיט אַלערליי פאַרבן, וואָס קענען פאַרברייטערן די לאַנד־שאַפט און רייכער מאַכן איר קאָלאָריט. דערצו העלפט אים זיין באַ־נוצן מיט אַזאַ ברייטער האַנט די העברעאישע שפּראַך־עלעמענטן אין יידיש און מאָלעריש־קרעפטיקע אויסדרוקן פון אַנדערע שפּראַכן.

קאָנטראַסטן, גוטמוטיקע, אָבער טיף־גרייפנדע איראָניע, פראַגע־פאָרם און שטילע קאָנצענטרירטקייט זענען בלויז עטלעכע עלעמענטן פון זרבבלס רייכער און פאַרשידנאַרטיקער רעדנער־טעכניק, וואָס שטייט צום דינסט פון אַ איראָפּעאיש־געשולטן בקי, וועלכער איז צו גלייכער צייט אַ מזרח־איראָפּעאיש יידישער חריף אין זיין פאָלקס־טימלעכן אויסדרוק.

אַ גאַנץ באַזונדערן פּלאַץ פאַרנעמט אין זרבבלען, דעם רעדנער, זיין מוזיקאַלישקייט. זרבבלס געפיל פאַר קלאַנג־ניואַנסן און זיין פאַרשטענדעניש פאַר דער וויכטיקייט פון קאָנזאָנאַנטן אַלס די אמתע טרעגער פון דער שפּראַכלעכער קראַפטפולקייט, איז באַוווּנדערונגס־ווערט. ווען ער זאָגט, צום ביישפּיל: „פּלאַצן זיי אינגאַנצן" הערט זיך ממש אין דעם ערשטן „פּ" דעם גאַנצן פיזישן פּראָצעס פון פּלאַצן. ווי וויניק רעדנער באַנוצן ווי זרבבל די קאָנזאָנאַנטן צו מאַכן די שפּראַך פולבלוטיק!

און נאָך אַ סוד ווייסט ער: אַז אַדיעקטיוון, עפּיטעטן, רייך און פאַרשידנאַרטיק באַנוצט אויפן ריכטיקן פּלאַץ, מאַכן די שפּראַך צאַפּלדיק־פריש און יוגנטלעך־טעמפּעראַמענטפול. דערביי איז ער אַ מייסטער פון שפּראַכלעך־מוזיקאַלישע „קרעשטשענדאָס". הערט זיך נאָר צו צו אַט אַזאַ זרבבלשן „קרעשטשענדאָ": „מערער, שאַרפער, קאָנקרעטער, פיינלעכער, טראַגישער".

זרבבל איז פאַרליבט אין דער וואַריאַציע־פאָרם. ער וועט נישט איבערגיין פון איין געדאַנקלעכן ניואַנס צום צווייטן, ביז ער וועט אים נישט „איבערקנעטן, איבערגעשטאַלטן און אויספאַרמירן". אין פּראָצעס פון זיינער אַ רעדע עפענען זיך פאַר אים אַליין נייע אומדערוואַרטעטע קינסטלעריש־עסטעטישע פּערספּעקטיוון, וועלכע ער גיט איבער זיינע צוהערער אין פּראַכטפולע בילדער. זיין רעדן ווערט אַלץ „ברייטער און פולער, ווייטער און העכער", און באַצויבערט אונז מיט דער מוזיקאַלישער ריטמישקייט פון אַ פּאָעמע אין פּראָזע. אַזעלכע פּאָעטישע מייסטער־בילדער ווי: „ס'האָבן געלאַכט מיט זייערע גראָזענע רוקנס די בערג פון חרמון", זענען ביי זרבבלען נישט קיין זעלטנקייט.

אָבער די דאָזיקע טיפע פּאָעטישע אינטואיציע שטייט אין דינסט פון אַ מעכטיקן אינטעלעקט, וועלכער דערלאָזט נישט אַז דער ריין־מאַלערישער עלעמענט זאָל קריגן די אויבערהאַנט. זרבבלס גרונט־אידייען קומען שטענדיק אַרויס קלאָר און דייטלעך. פון זיינער אַ רעדע, ווען מ'איז אַפילו נישט איינשטימיק מיט זיינע געזיכטס־פּונקטן, קומט מען שטענדיק אַרויס עמאָציאָנעל געריירט, גייסטיק דערהויבן און אינטעלעקטועל דורכגעלויטערט.

# וועגן ש. ניגערס „קאַלטקייט״

מ׳הערט אָפט רעדן וועגן ניגערס „קאַלטקייט״. עס קומט אויך אָפט אויס צו לייענען וועגן זיין אַזוי גערופענער אייז־קאַלטער אָביעק־טיוויקייט אין באַציאונג צו געוויסע שרייבער. „אַ קאַלטער ליטוואַק״ זאָגן מאַנכע שרייבער וועגן אים.

אַ גרעסערן פאָראורטייל און אַ מער אומגערעכטע מיינונג איז זיך שווער פאָרצושטעלן. אַלץ, וואָס ניגער שרייבט וועגן ליטעראַ־טור אָדער וועגן פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז דורכגעדרונ־גען מיט אַ שטילן פּאַטאָס. דאָס איז יענער פאַרבאַהאַלטענער ליריזם, וואָס ווערט באַהערשט פון אַ העכערער לעבנס־קלוגשאַפט, וואָס פאַ־ריידלט דעם גייסט און באַפרייט אים פון ברוויזנדיקער, רוישיקער צופעליקייט.

די אַזוי גערופענע טעמפעראַמענטפולקייט, וואָס כאַראַקטערי־זירט מאַנכע פון די הייגטצייטיקע יידישע ליטעראַטור־קריטיקער און עסייאיסטן אויף ליטעראַרישע טעמעס, איז נאָך ווייט נישט קיין באַ־שטעטיקונג פון זייער אייגענעם טיפן עמאָציאָנעלן איבערלעבן פון דער ליטעראַטור. פונקט ווי ס׳קען געמאָלט זיין אַ ברוויזנדער אויס־דרוק פון פלאַכע קינסטלערישע עמאָציעס, אַזוי קען אויך זיין אַ פאַר־פיינערטער אויסדרוק פון טיפע און צעשטורעמטע עמאָציעס. ניגערס אַרט שרייבן איז פון דעם לעצטן מין.

יעדעס מאָל, וואָס איך לייען זיין בוך, „לעזער, דיכטער, קריטי־קער״, לעב איך ווידעראַמאָל איבער דעם איינדרוק, וואָס עס לאָזן

מיר איבער די סימפאָניעס פון בראַהמס אָדער דאָס שפּילן פון יאַשאַ חפץ. ערגעץ טיף אין ניגערס וועזן איז פאַרבאַהאַלטן דער דיכטער, וואָס ווערט אָנגערעגט צו שאַפונג דורך ווערק פון אַנדערע, וועלכע מאַכן אים, קינסטלעריש, וויברירן. ער האָט אָבער גלייכצייטיק דער־גרייכט יענעם גלייכגעוויכט, וואָס גיט צו זיין שרייבן דעם כּאַראַקטער פון בראַהמסעס מאַיעסטעטישער רואיקייט און חפץ'ס אימפּאָנירנדער אָלימפּישקייט.

ניגערס בוך וועגן שלום־עליכם איז מאָנומענטאַל נישט בלויז דערפאַר, וואָס ער איז די פונדאַמענטאַלסטע און געלערזאַמסטע אָפּשאַצונג פון דעם גרויסן יידישן הומאָריסט, וואָס איז ווען עס איז דערשינען, נאָר אויך דערפאַר — און אפשר נאָכמער דערפאַר — וואָס דאָס גאַנצע ווערק ברענט מיט אַ שטילן „קול דממה דקה"־פּאַטאָס. ניגער, דער לערער, דער קאָמענטאַטאָר, דער אַנאַליטיקער, איז, אומבאַמערקטערהייט, געוואָרן דער פּאָעטישער אָנזאָגער פון שלום־עליכמס גלאָריע. מ'לייענט נישט אָפּט אַזעלכע טיף עמאָציאָ־נעלע ליטעראַרישע אַנאַליזן ווי ניגערס הימן צו דער אַלמענטשלעכ־קייט, פון טוביה דעם מילכיקן. דאָ קען מען נישט זאָגן, אַז ניגער נעמט אונז פאַרן האַנט און פירט אונז איבער די רייכטימער פון טוביה דעם מילכיקנס האַרץ און נשמה, ווי אַ גוטער פירער איבער ליטעראַרישע מוזייען. ניגערס אייגן האַרץ, איז עס, וואָס קלאַפּט אין אוניסאָן מיט טוביה'ס רירנדיקער מענטשלעכקייט. ניגערס אייגענע דיכטערישע וויזיע פון וועלט און מענטש, פון גערעכטיקייט און אומ־רעכט, קומט דאָ צום אויסדרוק.

ניגער דער קריטיקער איז קיינמאָל נישט דער ריין־אינטעלעק־טועלער אַנאַליטיקער, וואָס צוגלידערט בלויז, און טויט במילא אָפּ, זיין מאַטעריאַל. ער איז דער אַנאַליטיקער, ביי וועלכן דער אַנאַליז גייט, האַנט ביי האַנט מיט דיכטערישער וויזיע. דערפאַר זעען מיר די קינסטלערישע געשטאַלטן פון די ווערק, וואָס ער טייטשט אויס, נאָך בולטער ווי זיי האָבן זיך אונז באַוויזן איידער ניגער האָט קריטיש־דיכטעריש אַרויסגעבראַכט זייער אינערלעכן וועזן, זייער טיפערע סובסטאַנץ.

ניגערס „קאַלטקייט" איז גאָר אין אמתן, אַ שווער דערגרייכבאַ־רער זיך פאַר מאָס און פּראָפּאָרץ, וואָס דינט אים, איינעם פון די

בעסטע, פיליכט דעם בעסטן לייענער, וואָס די מאָדערנע יידישע לי־טעראַטור פאַרמאָגט, כדי זיך אויסצולעבן קינסטלעריש אין ליטע־ראַריש־קריטישע אַרטיקלען און עסייען, אין וועלכע זיין טיף־פאַר־וואָרצלטע קינסטלערישע אינטואיציע און זיין דראַנג צו פּאָעטישער עקספּרעסיע, קומען אַזוי גלענצנד צום אויסדרוק.

# אויף אַ רעפעראַט פון חיים גרינבערג

פינף מינוט נאָכן אָנהויב פון זיין צוויי שעה׳דיקן רעפעראַט, איז שוין די מחיצה, וואָס גרינבערגס געוואַלטיקער אינטעלעקט האָט געקענט שאַפן צווישן אים און דער צוהערערשאַפט, געווען אינגאַנצן באַזייטיקט. ער האָט געפּאַקט די אויפמערקזאַמקייט פון פּובליקום און זי געהאַלטן די גאַנצע צייט אַזוי פעסט, אַז דער עולם האָט בײַם סוף באַדויערט: „אַ שאָד, וואָס אַזוי שנעל!״

גרינבערג האָט זיך גלייך פון אָנהויב אַוועקגעשטעלט אַלס איינער פון די בעסטע יידיש־רעדנער, אַלס איינער פון אונזערע גרעסטע מייסטער פון גערעדטן וואָרט, אַלס איינער פון די געציילטע קינסטלער פון דער קלאַנג־פּלאַסטיק.

שיין־רעדנער זענען דאָ ווייניק; זאַכלעכע רעדנער נאָך ווייניקער. אָבער רעדנער, וואָס פאַרייניקן אין זיך שיינקייט און בילדלעכקייט פון דער פאָרם מיט אַ טיפער זאַכלעכקייט פון אינהאַלט, זענען אַן אמת׳ע זעלטנהייט. און רעדנער, וואָס פאַרמאָגן ביידע זאַכן צוזאַמען און דערהויבן זיי צו אַ סינטעז פון הויכער קונסט, קען מען אויף די פינגער ציילן. צו אָט די לעצטע געהערט חיים גרינבערג.

דורכגעדרונגען מיט אַ פּאַטאָס אין וועלכן ס׳וויברירט שטאַרקער פון אַלץ דער פאַרלאַנג נאָך סאָציאַלער גערעכטיקייט; באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט אַ וואולקאַנישן טעמפּעראַמענט און גלייכצייטיק מיט דער פייאיקייט אים צו באַהערשן לויטן ווילן פון מעכטיקן אינטעלעקט; באַהערשנדיק אַ ליטעראַרישן סטיל פון פּאַעטישער

שיינקייט און פון אנטציקנדער איינפאכקייט; זייענדיק מעכטיק אין אויסדרוק און ראפינירט אין די אומצייליקע שטימע־ניואנסן, און באַזיצנדיק דערצו אַן אומאויסשעפּלעכע רייכקייט פון דיסקרעטער מימיק און זשעסטיקולאציע, — באהערשט חיים גרינבערג זיין אויריטאָריע, ווי א מייסטער־דיריגענט זיין געהאָרכזאמען אָרקעסטער.

ס'איז אומגעהויער אינטערעסאנט דאָס שפּיל פון ליכט און שאָטן אויף די פּנים'ער פון זיינע צוהערער, ווען ער אקצענטירט פארשידענע פּסיכישע צושטאנדן, פון דער דראמאטישער שילדערונג ביז דער פיינסטער און בייסנדסטער איראָניע.

גרינבערג'ס זאצן זענען קלאַנג־סקולפּטורן, און אויסער דעם, וואָס זיי באזיצן א עמאָציאָנעלן און אינטעלעקטועלן ווערט, קען מען זיי באאורטיילן אויך פון ריין־מוזיקאלישן שטאנדפּונקט. ער ווירקט אָבער אויך מיט זיין גאנצער פיגור, וועלכע קען ווערן גראנדיעז אין די מאָמענטן פון העכסטן פּאַטאָס, און אינגאנצן זיך איינשרומפּן, ווען ער רעדט פון מענטשלעכער קליינלעכקייט און נישטיקייט.

חיים גרינבערג פארקערפּערט דעם זעלטענעם טיפּ פון דעם קלאסישן רעדנער פון גרויסן פארנעם, פון מיטרייסנדיקער אויפריכטיקייט, פון פּערעכטיקער פאָרם־שיינקייט, פון אומענדלעכער פּאַסצינירונג און פון א געוואלטיקער מאכט איבער דער צוהערערשאפט. דאָס אַלץ מאכט אים אומפארגעסלעך.

# ה. רויזענבלאַטס פאָלקסטימלעכע אינטימקייט

יעדעס מאָל ווען אַ אָנגעזעענער יידישער דיכטער באַזוכט אונזער ישוב, דאַרפן מיר זיך פילן ווי עפּעס פון דער שכינה האָט זיך אויף אונז אַראָפּגעלאָזט. זענען דאָך אונזערע דיכטער די יעניקע, וואָס דריקן אוים דאָס פיינסטע, דאָס אינטימסטע, וואָס עס איז דאָ אין אונז אַלס קאָלעקטיוו אָדער וואָס איז פאַרבאָרגן אין אונזערע אינדיווידועלע גייסטיקע קנייטשן. דערפאַר איז דער באַזוך פון אַ באַדייטנדיקן יידישן דיכטער אַ ערשט־ראַנגיקע געשעעניש אין אונזער גראָער וואָכעדיקער טאָג־טעגלעכקייט. מעג זיך דער קאַלענדאַר אויך ווייטער אָנווייזן אויף געוויינלעכע, וואָכעדיקע טעג, פאַר אונז ווייזט ער רויט, יום־טוב׳דיקע, נשמה־יתרה׳דיקע דאַטן.

איינער פון אונזערע פאָלקסטימלעכסטע פּאָעטן, אַ מייסטער פון פאָרם און ריטם, איז ה. רויזענבלאַט, כאָטש שטאַרק באַ׳עוולה׳ט דורך אונזער געשווירענער ליטעראַטור־קריטיק, וועלכע האָט אים אונטערשאַצט, וויט און ברייט באַקאַנט דעם יידישן לייענער זינט פיר און אַ האַלב צענדליק יאָר. ער איז אויך פון די פּאָפּולערסטע צווישן אונזערע פּאָעטן. מ׳דאַרף זיך בלויז צוהערן צו די פאָלקס־כאָרן אין די פאַריינִיקטע שטאַטן, כדי גלייך אויסצוגעפינען, אַז רויזענבלאַט איז פון די באַליבטסטע, און דערפאַר אויך אַממערסטן געזונגענע דיכטער. עפּעס איז דאָ אין זיינע שאַפונגען אַזוינס, וואָס האָט אַ ספּעציעלן רייץ פאַר יידישע קאָמפּאָזיטאָרן און וואָס קלינגט אויפריכטיק־דירנד אין פאָלקס־מויל.

אין האַרמאָניע מיט רויזענבלאַט דעם דיכטער געפינט זיך רוי־

זענבלאַט דער מענטש. ער לאָזט שטענדיק דעם איינדרוק פון פּרוכט־באַרער לעבנס־פרייידיקייט. ווער עס איז נאָר געקומען מיט אים אין באַרירונג, באַוווּנדערט זיין טיף־פאַרוואָרצלטע פאָלקסטימלעכקייט, זיין פּשטות און זיין אַבסאָלוטע פרייקייט פון וועלכן ס'איז אָנשטעל, פון אָנגעבלאָזנקייט אָדער צו יעדער געלעגנהייט צוגעשניטענער „פּאָמפּע". דער איינדרוק, וואָס דער עולם האָט וועגן אים, איז, אַז ער געהערט צו דעם נישט אַזוי אָפטן טיפּ פון מענטשן אָפּנהאַרציקע, וואָס „אַזוי בין איך און אַלס אַזעלכן נעם מיך".

ס'איז אויך פאַרשטענדלעך פאַרוואָס רויזענבלאַטס פּערזענלעכ־קייט איז אַזוי צוציענד. דאָס איז ראשית כל אַ דאַנק זיין שטענדיקער יוגנטלעכקייט, וועלכע דריקט זיך אויס אין אַן אייגנאַרטיקן, יאָדער־דיק־געזונטן הומאָר, וואָס גיט זיך איבער יעדן, וואָס קומט נאָר מיט אים אין באַרירונג. געוויינלעך ציען פּערזענלעכקייטן פון אַ געוויי־סער באַדייטונג אויף זיך אַרויף אַ מאַסקע פון ערנסטקייט און פון קינסטלעכער פייערלעכקייט, פּונקט ווי לאַכן, דערציילן אָדער אויס־הערן מיט צופרידנהייט אַ געשמאַקן וויץ אָדער אַן אינטערעסאַנטן אַנעקדאָט, וואָלט עפּעס אַראָפּגענומען פון זייער מענטשלעכער ווירדע אָדער וואָלט זיי אַראָפּגענידערט פון זייער געזעלשאַפטלעכן פּעדעסטאַל.

רויזענבלאַט, דאַקעגן, שאַפט אַן אַטמאָספערע פון יענער וואויל־פאַרשטאַנענער און אָנגענעמער היימישקייט, וועלכע גייט האַנט אין האַנט מיט קעגנזייטיקן רעספּעקט.

צו דעם קומט צו זיין אויסערגעוויינלעך־בילדלעכע שפּראַך. זי איז פאַרוואָרצלט אין די טיפענישן פון דעם יידישן פאָלקסטום און מאַכט אונז מאַנכמאָל דערקענען, דורך רויזענבלאַטס אידיאָמאַטישע אויסדרוקן, די לויטערע קוואַלן, פון וואַנען ס'האָבן געשעפּט זייער לעבנס־חכמה טוביה דער מילכיקער און אַנדערע שלום־עליכמס פאַר־קערפּערונגען פון גרונט־יידישן פילן און דענקען.

דאָס אַלץ מאַכט עס רויזענבלאַטן מעגלעך, אַז ווען ער געפינט זיך נאָר אין אַ יידישן קרייז, זאָל ער גלייך שאַפן אַרום זיך אַן אַטמאָס־פערע פון טיף־פאַרוואָרצלטער אַלט־היימישקייט, פון וועמענס שייג־קייט אַמעריקע האָט גאָרנישט באַוויזן צו צונעמען. רויזענבלאַט שבעל פה איז נישט ווייניקער אינטערעסאַנט ווי רויזענבלאַט שבכתב.

# ש. מענדעלסאָן, דער ווירטואָז אויף דער רעדנער־טריבונע

די ראָל פון דעם קאָלומבוס פון דעם היגן ישוב לגבי דער יידי־שער קולטור־וועלט, איז געווען באַשערט אויסצופירן דעם יידיש־סאָציאַליסטישן וואָרט־פירער, מייסטער־זשורנאַליסט און גרויסן קינסטלער פון גערעדטן וואָרט, שלמה מענדעלסאָן.

וועלן די אָדער יענע וועלן אָפּפרעגן מענדעלסאָנס „בונדישן" אני־מאמין; אויך לייענען דאָ נישט אַלע זיינע שאַרפזיניקע, פיין גע־שליפענע אַרטיקלען און לענגערע אָפּהאַנדלונגען אין דער בונדישער פּאַרטיי־פּרעסע, אין וועלכער מענדעלסאָן איז אַ ראש המדברים. אָבער יעדער איינער, וואָס האָט אים דאָ געהערט עפנטלעך רעדן, האָט גלייך אין די ערשטע פינף מינוט פון מענדעלסאָנס אַ ליטע־ראַרישן רעפעראַט אָדער פון אַ פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע־רעדע, באַ־גריפן פאַרוואָס ער ווערט אין דער יידישער וועלט אָנערקענט ווי איי־נער פון די גרעסטע מייסטערס פון דער רעדנער־קונסט, וואָס פּוילן, און, בכלל, דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן אין משך פון דעם לעצטן האַלבן יאָר־הונדערט.

הערנדיק מענדעלסאָנען רעדן פון דער טריבונע, בלויז עטלעכע מינוט, האָט מען לייכט באַגריפן פאַרוואָס אין פּוילן און אין די נייע מזרח־אייראָפּעאישע יידישע ישובים אין מערב־אייראָפּע איז נישט געווען קיין שטאָט און שטעטל, וווּ זיינע, שטענדיק מיט שפּאַנונג דער־

וואַרטעטע עלעקטריזירנדע אויפטריטן אויף פּאָליטישע מיטינגען, אָדער זײַנע גײַסטרײַכע רעפעראַטן אויף געזעלשאַפטלעכע, ליטעראַרישע און אַלגעמיין־קולטורעלע טעמעס, זאָלן נישט האָבן פאַסצינירט די צוהערער און אויסגעאיבט גאָר אַ שטאַרקן געזעלשאַפטלעך־דערציערישן אײַנפלוס.

ווו זשע איז דער סוד פון אָט דער מאַגנעטישער ווירקונג פון שלמה מענדעלסאָן, דעם רעדנער?

פאַר דעם דאָזיקן מייסטער־פורעמער פון געדאַנקען און ערשט־קלאַסיקן וואָרט־קינסטלער אויף דער טריבונע, איז, ערשטנס, כאַראַקטעריסטיש די פּרעכטיקע גאַמע פון ניואַנסן פון זײַן בויגיקער מוזיקאַלישער שטימע. די דאָזיקע מייסטערשאַפט אין באַנוצן זיך מיט אָט דעם געשענק, וואָס די נאַטור האָט אים געגעבן, דערלויבט אים צו שפּילן אויף די עמאָציע־סטרונעס פון דער צוהערערשאַפט, פּונקט ווי אַ מוזיק־ווירטואָז שפּילט אויף זײַן אינסטרומענט. מענדעלסאָנס וווּנדערבאַרער ניואַנסירן האָט אין זיך די פילפאַרביקייט פון אַ רעגנבויגן. און אין אָט דער פילפאַרביקייט איז מענדעלסאָן איינער פון די ראַפינירטסטע באַהערשער פון ליכט און שאָטן שפּיל צווישן די גרעסטע יידיש־רעדנער.

זײַן שטענדיק קרעפטיקער, אָבער גלײַכצײַטיק פײַנער און עלעגאַנטער אופן פון אַקצענטירן, איז דער צווייטער כאַראַקטער־שטריך פון מענדעלסאָנס רעדנער־קונסט. ער איז דער מייסטער נישט נאָר פון דעם אַקצענט אין וואָרט און זאַץ, וואָס דאָס אַליין גיט דער קלאַנגלעכקייט פון דעם רעדן אַ רוקן־ביין, אַ ריטמישן זין און אַ געוויסן מוזיקאַלישן קאָלאָריט, — נאָר נאָכמער דרינגט ער אינטואיטיוו אַריין אין די לאָגיש־וויטאַלע קלימאַקסן פון אַ לענגערן פּעריאָד. דאָס זענען פּרעכטיקע באַרג־שפּיצן אין מענדעלסאָנס שוווּנגפולער אָראַטאָריק.

מענדעלסאָן קען זײַן פּונקט אַזוי קרעפטיק אין די דעליקאַטסטע שטים־„פּיאַניסימאָס”, ווי אין די דונערדיקסטע שטים־„פאָרטיסימאָס”. די דאָזיקע קונסט פון קענען רעדן גאָר שטיל, אָבער אַזוי אַז מ׳זאָל דעם רעדנער הערן אין דעם ווײַטסטן ווינקל פון אַ גרויסן זאַל, איז כאַראַקטעריסטיש בלויז פאַר געצײַלטע בינע קינסטלער, און

איר עפעקט איז א שטארק־דראמאטישער. צווישן די גרויסע מייס־
טער פון דעם יידישן גערעדטן וואָרט, איז מענדעלסאָן איינער פון
די געציילטע, וואָס וויסן דעם סוד פון אזא מין שטים־„פּיאַניסימאָ".

א קאפּיטל פאר זיך איז מענדעלסאָנס זשעסטיקולאציע. פּונקט ווי געוויסע שלעכטע דיריגענטן מאכן ביים דיריזשירן אומצייליקע האנט־באוועגונגען, וואָס נישט נאָר העלפן זיי נישט דעם אָרקעסטער בעסער אויסצופירן אָדער אינטערפּרעטירן א מוזיקאליש ווערק, נאָר אומגעקערט, זיי זענען דער אויסדרוק פון מוזיקאלישער אָרימקייט פון דעם דיריגענט, — אזוי זענען אויך דאָ רעדנער, מיטלמעסיקע און שלעכטע, וועלכע זוכן צו באאיינפלוסן זייער צוהערערשאפט דורך שטארק איבערטריבענער זשעסטיקולאַציע. זיי גיבן זיך נישט אָפּ קיין רעכנונג, אז בלויז דער אינערלעכער פייער, וואָס, אויב ער איז דאָ ביים רעדנער, קען באווירקן די צוהערער, און אז די פייער־ווערק־זשעסטיקולאַציע ווירקט גאָר, אומגעקערט, מאָנאטאָן, און שוואכט, סוף כל סוף, אינגאנצן אָפּ דעם צוהערערס אויפמערקזאמ־קייט.

שלמה מענדעלסאָן, דער גייסטיקער אריסטאָקראט, וועלכער רעדט אונטער דעם אימפּולס פון דעם אינערלעכן פלאם פון איבער־צייגונג, קען אָרגאניש נישט זיין וואולגאר אין זיין זשעסטיקולאַציע. דערפאר איז ער עקאָנאָמיש אין זיינע האנד־באוועגונגען, וועלכע זע־נען טאקע צוליב דעם אליין עלאָקוועגט און במילא איינדרוקספול.

נישט פון קיין קלענער באדייטונג איז אויך די פארבנרייכקייט פון מענדעלסאָנס שפּראך, אין וועלכער דער אריסטאָקראטיש־ליטע־ראַרישער עלעמענט לעבט זיך אזוי וואונדערבאר צוזאמען מיט די מאָ־לעריש־פאָלקסטימלעכע אויסדרוקן פון דעם האָראָפּאשנעם ארבע־טער־ פאָלק. דאָס גיט צו זיין רעדן אַן אייגנאַרטיקן שפּראכלעכן ליכט און שאָטן שפּיל, א שפּראכלעכע פינקלדיקייט.

צו דעם אלעם קומט צו זיין באוואונדערונג־ווערטע פעאיקייט צו רעדן דורכזיכטיק־קלאָר און ביז גאָר איינפאך וועגן די פארוויקלטס־טע ענינים און אויף די קאָמפּליצירטסטע טעמעס. ער אָפּערירט מיט זיין גרויסער ערודיציע שפּילעוודיק און ברענגט, בשעת א דרשה,

זיינע „שווערע ארטילעריע"־ארגומענטן מיט דער גראציעזער לייכטי־
קייט און ראפינירטער עלעגאנץ, מיט וועלכער א פיינער קאוואליער
דערלאנגט זיין דאמע א בלום.

אָט די אַלע שטריכן פון מענדעלסאָנס רעדנער־קונסט, שאפן
עס, צוזאמענגענומען, דעם גרויסן גייסטיקן פארגעניגן און דעם טיפן
עסטעטישן גענוס, וואָס זענען ביים צוהערער שטענדיק פארבונדן
מיט דעם דאָזיקן מייסטער־רעדנערס אן ארויסטריט, אומאָפּהענגיק
פון זיין טעמע.

שלמה מענדעלסאָן אויף דער טריבונע רייסט מיט זיינע צו־
הערערער דורך דעם גוואלטיקן ווירטואָזענטום פון זיין רעדנער־
טעכניק, וואָס איז אָבער ווי ביי יעדן גרויסן קינסטלער אויך אויף
אנדערע געביטן, נישט קיין ציל פאר זיך אליין, נאָר בלויז א מיטל
צו א העכערן צוועק. אין מענדעלסאָנס פאל שטייט זיין פאסצינירנדע
אָראטאָרישע טעכניק אין דינסט פון א טיף־עטישער פערזענלעכקייט
מיט א פארוואָרצלטער בענקשאפט נאָך א גערעכטערער וועלט, און
מיט א פּאָעטישער וויזיע פון א בעסערער און שענערער מענטשהייט,
וואָס לעבט אין זיינע טרוימען.

# ב. צ. גאָלדבערג, דער מייסטער זשורנאַליסט

עס לייענען אים אַלע, סיי פון רעכטס, סיי פון לינקס. מאַנכע לייענען אים מיט באַוואונדערונג און מאַנכע קריצן מיט די ציין. גלייכ־גילטיק קען אים קיינער נישט פאַרבייגיין, הנאה פון זיין אופן שרייבען האָבן אַלע זיינע לייענער, אַפילו די, וואָס וואָלטן אים וועלן פאַרשטיינען פאַר דעם, וואָס ער זאָגט, און אויך יענע אידעאָלאָגישע קעגנער זיינע, וועלכע קענען ביי זיך נישט פועלן צוצוגעבן עפּנטלעך, אַז זיי לייענען טאָג איין, טאָג אויס זיינע „קאָלומס".

בן ציון גאָלדבערג איז שוין זינט אַ סך יאָרן דער שטורם־פויגל פון דער יידישער פּובליציסטיק. זיין זשורנאַליסטישער צוגאַנג צו זיינע טעמעס איז שטענדיק אַזוי צאַפּלדיק־פריש און מאַנכעמאָל אויך אַזוי געוואָגט, אַז ווער ס'האָט אַ באַוווסטזיניקע באַציאונג צום געדרוקטן יידישן וואָרט און האָט זיך איינמאָל באַקענט מיט אים אויף די שפּאַלטן פון דער צייטונג אָדער פון זשורנאַל, וועט שוין בלייבן אַ ב. צ. גאָלדבערג־לייענער, ווען אַפילו דער געדאַנקען־גאַנג פון דעם באַרימטן „קאָלומניסט" איז דיאַמעטראַל־קעגנגעזעצט צו זיין אייגענעם בליק אויף געוויסע פּערזענלעכקייטן, פראַגן און פּראָבלעמען.

אין וואָס באַשטייט די צוציאונגס־קראַפט פון ב. צ. גאָלדבערג, דעם בלי־ספק אמערסטן געלייענטן יידישן זשורנאַליסט?

עס דערמאָנט זיך דער קלאַסישער אַנעקדאָט וועגן דעם באַרימטן

פראנצויזישן דענקער און שרייבער וואָלטער, וועלכער זאָל האָבן אָנגעשריבן צו זיינעם א פריינט א בריוו, וואָס האָט פארנומען עט־לעכע און צוואנציק זייטן. נאָכדעם ווי וואָלטער האָט זיך שוין נע־האַט הארציק צוזעגנט מיט זיין פריינט און אונטערגעשריבן זיין נאָמען, האָט ער צוגעשריבן אַ קליינעם „פּאָסט־סקריפּטום", וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי: „אנטשולדיק מיך, ליבער פריינט, פאַר מיין שרייבן דיר אזא לאַנגן בריוו; איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין צייט צו שרייבן דיר א קורצן".

ווי עס ווייזט אויס איז אָנצושרייבן א קורצן אינהאַלטלעכן, זאַכלעכן בריוו א סך שווערער ווי אָנצושרייבן זאַכן, וואָס זענען „לאַנג ווי דער יידישער גלות", און אויב דאָס איז אמת וועגן שריי־בען פאַר פּריוואַטע צוועקן, איז עס נאָך טויזנט מאָל ריכטיקער וועגן זאַכן, וואָס ווערן געשריבן פאַר דער עפנטלעכקייט. ווי ווייניק זשור־נאַליסטן באַווייזן אָבער אויסצודריקן פאַרן לייענער „דער לאַנגען רעדע קורצן זין" אין א לעבעדיקער, קאָנצענטרירטער פאָרם.

אין דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע איז ב. צ. גאָלדבערג, איינער פון די גרעסטע מייסטער, אויב נישט דער גרעסטער אויף דעם דאָזיקן געביט. זעלטן וועט מען די יידישע זשורנאַליסטן אין די פאַרייניקטע שטאַטן באַווייזן אַזוי גוט ארויסצושיילן דאָס באַמת וועזנטלעכע פון דער טעמע, וואָס ער טרעט צו צו באַהאַנדלען, וויי־ניק זענען אויך אין צאָל יענע אַמעריקאַנער יידישע זשורנאַליסטן, וואָס זענען אין אַזא גרויסער מאָס פריי פון יענער זינד, פּילייכט דער גרעסטער, וואָס א שרייבער קען באַגיין קעגן לייענער: דער זינד־פון לאַנגווייליקייט. אומאָפּהענגיק פון דעם געדאַנקלעכן אינהאַלט פון ב. צ. גאָלדבערגס א „קאָלום" אָדער אַזוי אַן אַרטיקל, געפינט מען דאָרט שטענדיק עפּעס א באַזונדערס געלונגענעם אויסדרוק, א ספּע־ציעל־חנעוודיקע שפּראַך־ווענדונג אָדער גאָר א געוויסן לירישן אונ־טער־טאָן, וואָס גיט אים א ספּעציפישן גייסטיקן קאָלאָריט און העלפט שאַפן די אייגנאַרטיקע ב. צ. גאָלדבערגישע אַטמאָספערע.

וואָס עס ציט אויך צו דעם לייענער צו זיינע „קאָלומס", איז גאָלדבערגס בויגזאַמער, סאַמעט־ווייכער יידיש. ב. צ. גאָלדבערג איז א מייסטער פון דעם ניואַנס, און דאָס דערהויבט אָפּטמאָל זיין זשורנאַליסטישע פּראָזע צו קינסטלערישע הויכן. עס איז אויך נישט

קיין ווונדער, ווייל זיין אינטואיציע טרינקט פון צוויי לויטערע קוואַלען: מענדעלע מוכר ספרים'ס שפּראַכלעכע געניויקייט און געשליפנקייט, און שלום עליכמס שימערירנדיקע פאַרבן־רייכקייט. זיין אויער פאַר קלאַנגען איז זייער אַ שאַרפס. מען קען זאָגן, אַז גאָלדבערג האָט אַן „אַבסאָלוטן געהער" פאַר שפּראַכלעכן טאָן און קלאַנג. אין דער דאָזיקער הינזיכט איז ער איינער פון די גאָר געציילטע יידישע זשורנאַליסטן, און בכלל יידישע פּראָזע שרייבער, וואָס זענען באַרעכטיקט זיך צו באַטראַכטן אַלס נאָכפאָלגער פון דעם אומפאַרגעסלעכן ד"ר א. קאַראַלניק אין שפּראַך־מייסטערשאַפט.

נישט קיין קלענערע צוציאונגס־קראַפט איז דער אויסערגעוויינלעכער אומפאַנג פון גאָלדבערגס טעמעס, וועלכער איז מעגלעך אַדאַנק דעם באמת ענציקלאָפּעדישן וויסן פון דעם דאָזיקן שרייבער. ב. צ. גאָלדבערג פילט זיך צום ביישפּיל, אין דער היים, ווען ער אַנאַליזירט אויף אַ גרינטלעכן אויפן אַזאַ מאָנומענטאַל ווערק פון יידישן וויסן, ווי חיים טשערנאָוויטשעס „תולדות ההלכה", פּונקט אַזוי ווי ווען ער באַהאַנדלט די „מאָדערניסטישע" לאַבירינטן פון אַ דזשיימס דזשאָיס.

ליטעראַטור, פּלאַסטישע קונסטן, טעאַטער, — וואָס פאַר אַ טעמע ער זאָל אויף דעם דאָזיקן געביט נישט באַרירן, איז זיין וואָרט אַ וואָגיקס, זיין מיינונג באַגרינדעט, זיין צוגאַנג אַ מאָדערנער. דערפאַר איז ער שטענדיק אָנרעגנד און רופט אַרויס יענע גייסטיקע אומרואיקייט, וואָס בלויז אַ שאַפנדיקער, פרוכטבאַרער שרייבער קען באַווייזן.

ווען עס קומט צו אַלגעמיינע פּאָליטישע פראַגן און פּראָבלעמען אָדער צו פראַגן פון יידישן לעבן, איז ב. צ. גאָלדבערג שטענדיק באַלערנד, ווייל ער באַהערש, ווי זעלטן ווער אין דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע, די פאַקטן און זייער טיפערן, וויט־צוריק־גייענדיקן סאָציאַל־פּאָליטישן הינטערגרונט. דאָס הייסט נישט, אַז זיינע אינטערפּרעטאַציעס און שלוסן מוזן אָנגענומען ווערן ווי אַבסאָלוטע, אַקסיאָמאַטישע אמתן. אַפילו ווען מען קען מיט אים נישט איינשטימען, איז אָבער דאָך זייער אינטערעסאַנט נאָכצופאָלגן זיין געדאַנקען־גאַנג וועגן דעם אָדער יענעם ענין, ווייל זיינע „קאָלומס" העלפן דעם לייענער

אויסצוקריסטאַליזירן זיינע, דעם לייענערס, אייגענע פּרינציפּן און אידייען.

די דאָזיקע פעאיקייט נעמט זיך, אין אַ געוויסער מאָס, פון גאָלד־בערגס פּראַקטישער וועלט־דערפאַרנקייט. ער קען די וועלט נישט בלויז פון ביכער און זשורנאַלן, נאָר אויך אַדאַנק זיינע לאַנגע רייזעס איבער לענדער און קאָנטינענטן, און נאָכמער, אַדאַנק זיין פּראַקטישן אנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ווילן מיר קריגן אַן אַלגעמיינע פּערספּעקטיווע פון ב. צ. גאָלד־בערג דעם זשורנאַליסט, איז גענוג אָנצוווייזן אויף די גרויסשטאָטישקייט, אין בעסטן זין פון וואָרט, פון זיין שרייבן. זיינע „קאָלומס" זענען דינאַמיש, פּונקט אַזוי ווי דאָס גרויסשטאָטיקע לעבן פולסירט שטענדיק מיט שפּרודלדיקן לעבן. נישט אומזיסט הייסט איינער פון זיינע אַמערסטן כאַראַקטעריסטישע קאָלומס „שטעטעלע: נישטאָמער".

ב. צ, גאָלדבערגס ליטעראַרישער טאַלאַנט טרינקט פון די קוואַלן פון יידישער טראַדיציע, אָבער זיין געזעלשאַפטלעך פּאָליטישער אויסבליק איז געווענדט צו דער גרויסער וועלט.

ווי יעדער גרויסער זשורנאַליסט, פאַרמאָגט אויך ב. צ. גאָלד־בערג צווישן זיינע „קאָלומס" אַ סך, וואָס האָבן אַ פונדאַמענטאַלן, דויערנדן ווערט, ווי צום ביישפּיל, זיינע קורצע עסייען וועגן יידישע שרייבער און דיכטער, אמתע פּערל פון זיין מייסטער־זשורנאַליזם.

# זיגמונט טורקאָוס „טוביה"

ווען עס שטייט פאַר אונז אַ אינטערפּרעטירער פון אַ קונסט־ווערק אָדער פון אַ קינסטלערישן טיפּ, וואָס מיר קענען אָדער מיר גלויבן וויי ניקסטנס, אַז מיר קענען גוט, דאַן קען אונזער איינדרוק זיין איינער פון די פאָלגנדיקע דריי:

לאָמיר זיך פאָרשטעלן דעם באַגריף, וואָס מיר האָבן וועגן דעם ווערק אָדער טיפּ, אַלס איין קרייז, און דאָס וואָס דער אינטערפּרע־טירער לאָזט אונז זען אָדער הערן, אַלס אַ צווייטן קרייז. ס'קענען זיך דאַן שאַפן דריי פאַרשידענע לאַגעס: אין ערשטן פאַל איז דער קרייז וואָס דריקט אויס אונזער באַגריף וועגן דעם וואָס מיר וואָלטן געדאַרפט זען אָדער הערן, גרעסער פון דעם, וואָס דער אינטערפּרע־טירער גיט אונז אין דער ווירקלעכקייט. ס'שאַפט זיך דאַן אין אונ־זער באַוווסטזיין אַ קינסטלערישער דעפיציט. מיר זאָגן, אַז די אינ־טערפּרעטאַציע געפעלט אונז נישט.

דער צווייטער פאַל שאַפט זיך, ווען דער קרייז, וואָס סימבאָלי־זירט אונזער באַגריף וועגן ווערק אָדער טיפּ, דעקט זיך מיט דעם קרייז, וואָס דריקט אויס דאָס, וואָס מיר קריגן פון דעם אינטער־פּרעטירער צו זען אָדער צו הערן. מיר זאָגן דאַן, אַז די אינטערפּרע־טאַציע געפעלט אונז און פאַרשאַפט אונז פאַרגעניגן.

ס'פּאַסירט אָבער אויך, גאַנץ זעלטן פאַרשטייט זיך, אַז דער קרייז, וואָס דריקט אויס דאָס, וואָס דער אינטערפּרעטירער לאָזט

אונז זען אָדער הערן, איז גרעסער פון דעם קרייז, וואָס פאַרקערפּערט אונזער אייגענעם באַגריף פון דעם געבענענעם קונסט־ווערק, אָדער קינסטלערישן טיפּ. דאַן בלייבן מיר פאַרגאַפּט. מיר זענען פול מיט דערשטוינונג, און די איבעראַשונג לאָזט אונז נישט גלייך צו זיך קומען. עס שאַפט זיך אין אונזער באַוווסטזיין אַ קינסטלערישער „סופּעראַוויט". דער אינטערפּרעטירער האָט אונז אַ ניי וואָרט געזאָגט, אונז נייע האָריזאָנטן געעפנט, און דאָס קונסט־ווערק אָדער דער קינסטלערישער טיפּ, וואָס מיר האָבן געגלויבט, אַז ס'איז אין אים שוין נישטאָ פאַר אונז קיין איין באַהאַלטענער ווינקעלע, דערשיינט פּלוצלונג פאַר אונז אין אַ נייעם ליכט, און זיין שיינקייט שטראַלט אויף אין אונזער גייסט מיט אַ נאָך פיל הערלעכערן גלאַנץ.

אָט דעם דאָזיקן סופּערלאַטיוון פאַל פון קינסטלערישער אינטערפּרעטאַציע מאַכט אונז זיגמונט טורקאָוו בייוווינען, ווען ער פאַרקערפּערט שלום־עליכמס „טוביה דעם מילכיקן".

ווער פון אונז האָט נישט געקענט „טוביהן" אָדער ווייניקסטנס געגלויבט צו קענען אים אַזוי גוט ווי נאָר מעגלעך? „טוביה", איז אַן אָנגענומענע זאַך צו דענקען, פאַרקערפּערט דעם גוטמוטיקן יידישען פאָלקס־טיפּ, דעם יידישן מאַסן־מענטש אויפן גרענעץ צווישן דאָרף און שטעטל אין דער אַמאָליקער, פאַר־רעוואָלוציאָנערער, אוקראַינע. אַביסל פאַרגרעבט, אָבער דאָך מיט אַ שטאַרקער אינטואיציע און לעבנס־פאַרשטענדניש, איז ער, אין אַלגעמיין, לויט דער אָנגענומענער מיינונג, אַ קאָנצענטרירטער עטנאָגראַפישער עקסטראַקט, באַזאַלצן און באַפּעפּערט מיט שלום־עליכמס אומפאַרגלייכלעכער מייסטערשאַפט צו שילדערן פּערזאָנען און סיטואַציעס.

באַווייזט זיך אָבער אויף דער סצענע זיגמונט טורקאָוו, און אַ ניי ליכט גייט אויף אין אונזער באַגריף וועגן „טוביה דעם מילכיקן". טורקאָווס אינטערפּרעטאַציע ברייטערט אים אויס און דערהויבט אים צו אַ ביז אַהער נישט פאַרדעכטיקטער הויכקייט.

מיט זיין איינציקאַרטיקן קינסטלערטום, וואָס דערלויבט אים צו מאַכן אונז אינגאַנצן פאַרגעסן זיגמונט טורקאָוון, און מיטלעבן בלויז מיט „טוביהס" ליידן און פריידן, ברענגט אונז טורקאָוו אַרויס אַ נייעם „טוביה", וועלכער גייט איבער די גרענעצן פון דעם וואָס איז

לאָקאַל־עטנאָגראַפיש און אַפילו בלויז נאַציאָנאַל. טורקאָוו דערהויבט שלום־עליכמס טיפ צו אוניווערסאַליטעט.

עכט־קינסטלערישע אינטערפּרעטאַציע איז נישט בלויז אויס־פירונג און פאַרקערפּערונג; ס'איז ראשית־כל ווידער־באַשאַפונג. זינ־מונט טורקאָוו אַלס „טוביהס" אינטערפּרעטירער, באַשאַפט אים, טרוימט אים אויס און ווייזט אים אונז אַ נעלייטערטן, אַ גייסטיק דערהויבענעם, אַ מענטשן מיט אַן עטישן שווונג און מיט אַ טיף־פילנדיקער נשמה. טורקאָווס „טוביה" איז אַ גייסטיקער אַריסטאָק־ראַט אין שענסטן זין פון וואָרט.

ווי הימל־ווייט שטייט אָט דער דאָזיקער „טוביה" פון דעם, וואָס אין דער אינטערפּרעטאַציע פון אַנדערע אַרטיסטן, מאַכט ער אַלע ווײַלע לאַכן מיט זיינע פאַרדרייטע אויסטײַטשונגען פון די פאַרשי־דענע פּסוקים! יענע, נישט קענענדיק, צוליבן אויספעלן פון קינסט־לערישער אינטואיציע, זיך אַריינגראָבן טיפער ווי „טוביהס" קאָרע, שטרייכן אונטער אין אים דאָס מגושמדיק־עפּיזאָדישע. צוליב די איינצל־בוימער זעען זיי נישט דעם וואַלד. טורקאָוו האָט אויפגע־כאַפּט, באַנומען און זיך אָרגאַניש צוזאַמענגעלעבט מיט „טוביהס" גייסטיקער יום־טובדיקייט. ווען ער שפּילט אים, בעסער געזאָגט, ווען ער לעבט אים אויף דער סצענע, מאַכט ער אויך אונז אויפציטערן.

מ'דאַרף זיין אַ קינסטלער פון אַזאַ פאַרנעם ווי טורקאָוו, צו קאָנען אין דעם פאַל פון „טוביה" אַזוי גוט אונטערשיידן צווישן קאָ־מיזם און הומאָר, ווי דער דאָזיקער אינטערפּרעטירער זיינער טוט עס. אַ טיפּ איז קאָמיש, ווען ער טראָגט אין זיך אַליין דעפעקטן, וואָס ברענגען אים אין אַ נעגאַטיווער לאַגע אין באַציאונג צו דער אַרו־מיקער סיטואַציע, וועלכע איז דורך און דורך נאָרמאַל. דאָס איז אָבער נישט דער פאַל מיט „טוביהן". ער איז דורך און דורך געזונט. קראַנק און נישט נאָרמאַל איז די געזעלשאַפטלעכע סביבה, אין וועל־כער ס'קומט אים אויס, נישט צוליב זיין שולד, צו לעבן.

מיט אַ באמת געניאַלער אינטואיציע האָט טורקאָוו באַגריפן די טיפערע כוונה פון שלום־עליכם. טוביה איז נישט קאָמיש, נאָר טיף־טראַגיש, אַ שטיק איוב. נישט קאָמיזם איז, אַלזאָ, זיין כאַראַקטער־שטריך, נאָר הומאָר, אַלס אַ בליץ־אָפּלייטער פון זיין אָנגעקליבענעם צער און צאָרן. זיין שפּרודלדיקער הומאָר איז אַ נעלעכטער דורך

טרערן, וואָס לייטערט אים און מאַכט לייכטער צו פאַרטראָגן די קלעפּ, וואָס דאָס לעבן גיט אים אומאויפהערלעך.

איבער זיגמונט טורקאָוום „טוביה" שוועבט דער פּאַטאָס פון די גריכישע טראַגעדיעס און ס'אָטעמט דער גייסט פון איוב. שלום עליכמס פערלדיקער הומאָר און טורקאָווס אינטערפּרעטאַציע איז די קינסטלערישע פּלאַסטיק דורך וועלכע „טוביהס" טיפע מענטשלעכ־קייט קומט נאָך שטאַרקער צום אויסדרוק.

# אברהם נאַלאַמב, דער „גייער"

ס'זענען דאָ געוויסע נעמען, וואָס כאָטש לכתחילה זענען זיי געמיינט געוואָרן פאַר אַ געוויסן טיפּ מענטשן אין אַ געוויסן פּלאַץ און אין אַ געוויסער צייט, קענען זיי אָבער, נישט פאַרלירנדיק זייער גרונטזעצלעכע באַדייטונג, אָנגעווענדט ווערן אויך אין אַן אַנדער צייט, אין אַן אַנדער אָרט און אין גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען.

אַט דאָס פּאַסירט מיט דעם נאָמען „גייער". מנחם באָריישאַ האָט אים ברייט און וויט באַקאַנט געמאַכט, און „דער גייער" איז ביי אונז פאַרבונדן מיט אַן עפּאָפּייע פון יידישן אַמאַליקן, אייגנטלעך נאָך אַזוי נאָענטן און דאָך שוין אַזוי וויט־וויטן יידישן לעבן. פונדעסטוועגן איז דאָס וואָרט „גייער" צוגעפּאַסט אויך אין געוויסע פאַלן פון אונזער איצטיקן לעבן, און איך וויל אים טאַקע באַנוצן אויף אברהם נאַלאַמב.

ווייל אַ „גייער" איז ער, אַ גייער אין העכערן זין פון וואָרט. אויף אים זענען אויך אָנגעפּאַסט די ווערטער פון ר' שניאור זלמן אין זיין ספר „לקוטי אמרים", וועלכע באָריישאַ באַנוצט אַלס „מאָטטאָ" צו זיין עפּאָכע מאַכנדיקן ווערק:

„...בפרט נאָך אַז דער מענטש הייסט אַ גייער און נישט קיין שטייער, און דאַרף גיין פון מדרגה צו מדרגה".

אַ „גייער" איז נאַלאַמב, ווייל ער האָט דעם באַוווּסטזיין, אַז ער האָט אַ מיסיע צו דערפילן, אַ לעבנס־אויפגאַבע אויסצופירן. ער

איז אפשר איינער פון די געצייילטע „גייער" אין יידישן לעבן, וואָס וואָרצלען אין מזרח־אייראָפּעאישער יידישקייט.

נישט קיין וואנדער־לוסט־קאָמפּלעקס האָט אים געפּירט פון ווילנע קיין תל־אביב, פון ארץ ישראל קיין קאנאדע, און פון וויניפּעג אין אצטעקן־לאַנד. ווען ער וואָלט גייסטיק געווען א „שטייער", וואָלט ער א סך פון זיין וואנדערן געהאט פארשפּאָרט. ווען ער וואָלט געווען פון יענע אינטעלעקטואלן, וואָס קענען פריער אָדער שפּעטער שלום מאכן מיט דער סביבה, אויב זיי קענען איר נישט באוויינען, וואָלטן מיר אפשר גאָר נישט געהאַט דעם כבוד צו געניסן פון זיין געזעלשאפט דאָ ביי אונז.

איז ער אָבער נישט קיין „שטייער", נאָר א „גייער", געטריבן פון יענער שאפנדיקער גייסטיקער אומרו, וועלכע צווינגט אים צו גיין „פון מדרגה צו מדרגה" אין דער זוכעניש, אין דעם דערגרייכן און אין דעם פראָפּאגאנדירן זיין אמת.

איך ווייס נישט צי איך וועל זיין אינגאנצן גערעכט צו אים, ווען איך וועל זאָגן, אז אין זיין מער־מאָליקן בייטן דעם וווין־אָרט און טעטיקייטס־פּלאַץ האָט געשפּילט די ראָלע בלויז דער געדאנק, וועלכן מנחם באָריישא דריקט אזוי וואונדערבאר אויס אין זיין „גייער".

„א טרייער חבר בעט זיך מיט טרערן:
— זיי עוקר פון דאַנען און זאָל עס ברענען.
פאַראַן געווג שטענדערס פאַר גוטע לערנערס".

איך בין אָבער איבערצייגט, אז אין א גרויסער מאָס האָט אויך דער דאָזיקער געדאנק באאיינפלוסט זיינע באשלוסן וועגן בייטן איין לאַנד אויף אַן אנדערס און איין שטאָט אויף א צווייטע. ווען ער איז געקומען צום באשלוס, אז ער געפינט נישט אין דעם געגעבענעם פּלאַץ יענע גייסטיקע באפרידיקונג, בעסער געזאָגט, יענע מעגלעכקייט פאַר גייסטיקער טעטיקייט אויסגעדריקט אין פראַקטישער אָנווענדונג פון זיינע פּעדאַגאָגישע אידייען, וועלכע זענען באזירט אויף זיינע פּרינציפּיעלע אָנשויאונגען אויף יידיש לעבן און יידישע געזעלשאפטלעכ־

קיום, — האָט ער גובר געווען אין זיך אַלץ, וואָס האָט געקענט באַ־דייטן אין אַ געוויסער הינזיכט אינערציע; ער האָט פאַרציכטעט אויף באַקוועמלעכקייט, וואָס קומט פון געוויינטקייט, און האָט, אפשר מיט ווייטאָג, געשלאָסן יענעם קאַפּיטל און אָנגעהויבן אַ נייעם.

גאָלאָמב'ס ביז־איצטיקע וואַנדערונגען זענען אַ רעזולטאַט פון זיין געטריישאַפט צו זיינע יידיש־געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן און צו זיינע פּעדאַגאָגישע גרונט־פּרינציפּן, וועלכע, זייענדיק אין זיין באַ־וווסטזיין אָרגאַניש צוזאַמענגעבונדן, שאַפן אַ באַשטימטע שיטה אין יידישן גייסטיקן לעבן. אַ שיטה, וואָס ווערט שטאַרק אָפּגעפּרעגט פון אַ סך וואָס באַוווּנדערן גלייכצייטיק זיין מוט, אומקאָמפּראָמיסלעכקייט און ערלעכקייט צו זיך אַליין.

פון די צוויי טיפּן טרוימער, וואָס זענען פאַראַן: דעם אַקטיוון און דעם פּאַסיוון, פאַרקערפּערט גאָלאָמב, דעם ערשטן: דעם פּראַק־טישן בעל־החלומות. אין זיין גאַנצער ביז איצטיקער עפנטלעכער טעטיקייט גייט דורך ווי אַ רויטער פאָדים, ווי אַ וואַגנערשער לייט־מאָטיוו, זיין אומבאַצווינגבאַרער ווילן צו געבן אַ קאָנקרעטן אויס־דרוק צו זיינע גרונט־אידייען וועגן יידישער דערציאונג אין שייכות מיט דעם טיפּ יידן, וואָס ער האָט זיך אויסגעטרוימט אַלס אידעאַל. ס'זענען דערפאַר צו אים צוגעפּאַסט די ווערטער פון בארייזאס „גייער":

„האָסט געוואָלט זיך אין ממשות אויסשטראַלן
און דאָס ממשות פורעמען אין מענטש".

# איינלייטונג

א פערטל יאָרהונדערט איז אַלט דער ישוב, וואָס מזרח־אייראָפּעאישע יידן, עמיגראַנטן פון דער אויפגעטרייסלטער אייראָפּע פון נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג, האָבן געגרינדעט אין מעקסיקע. א ניי בלאַט, וואָס לייענט זיך מיט שפּאַנענדן אינטערעס, איז פאַרשריבן געוואָרן אין דער וועלט געשיכטע פון יידישן פאָלק. און א פּרעכטיקע אילוסטראַציע איז עס פון א פערטל יאָרהונדערט פון יידישער וויטאַליטעט, פון וווּנדערלעכער יידישער צופּאַסונג — און אַריינפּאַסונגספּעאיקייט.

א פערטל יאָרהונדערט איז א היפּשער געשיכטלעכער שפּאַן. דאָס איז א צייט־אָפּשניט, וואָס אידענטיפיצירט זיך מיט א גאַנצן דור, און וואָס ביי זיין אויסקלאַנג זאָגט ער: „לאָמיר מאַכן א סך־הכל פון דער צייט, וואָס איר האָט שוין הינטער זיך. לאָמיר אַנטקעגנשטעלן אייערע דורכגעלעבטע ליידן און פריידן. לאָמיר צוזאַמענרעכענען אייערע אויפטוען. לאָמיר זען, וואָס האָט איר געבויט אויף זאַמד און וואָס האָט איר געבויט לדורות; וואָס איז אין אייערע קאָלעקטיווע טאַטן געווען בלויז עפּיזאָדיש, מיטן ווינט אָוועקצובלאָזן, און וואָס איז געווען מאָנומענטאַל; וואָס איז געווען ריין פּערזענלעך אין אייער לעבן און וואָס איז געוואָרן המשך און וועט זיך דורך אייערע קינדער ציען ווי א גאָלדענער פאָדים אין די צוקונפט אַריין. און די הויפּט־זאַך: ווען מיר וועלן אונטערציען דעם סך־הכל פון אָט די

אַלע זאַכן, וועלן מיר דאַן זען צי איר זענט אַ דור, וואָס האָט, ווי נאָדסאָן זאָגט, „אַזוי פיל געלעבט און אַזוי ווייניק דורכגעלעבט", אָדער איר קענט אָנווענדן אויף זיך האָראַציוסעס ווערטער:

„איך האָב אַ מאָנומענט זיך אויפגעשטעלט, וואָס וועט דויערן אַזוי לאַנג ווי די צייט אַליין".

דערפאַר איז איצט די ריכטיקע צייט צו שרייבן דעם ספר הזכ־רונות, אויפצומישן די אַלע איינצלנע בלעטעלעך פון די טאָג־טעג־לעכע רשימות, נאָכקוקן און אויסגעפינען וועלכע פאַקטן און דאַטן האָבן געהאָלפן אויסצופאָרעמען אונזער קאָלעקטיוון כאַראַקטער אַלס ישוב מיט זיינע ספּעציפישע יידיש־מעקסיקאַנישע אייגענטימ־לעכקייטן, אַ ישוב וואָס פּאַסט זיך אָבער האַרמאָניש אַריין אין דעם אַלגעמיינעם יידישן וועלט־בילד.

# די פּיאָנערן

ס'וועט שוין באַלד אַ פערטל יאָרהונדערט זינט די ערשטע מזרח־אייראָפּעאישע יידישע אימיגראַנטן זענען, סוף 1920, געקומען קיין מעקסיקע. לאָמיר זשע דערמאָנען זיך אונזערע ערשטע טריט אין דעם אַצטעקן־לאַנד.

די פּיאָנערן זענען געווען מערסטנס פּאָליטישע עמיגראַנטן פון פּוילן און ליטע. אָן געלט־מיטלען, אין אַ ווילד־פרעמדער אַטמאָספער, האָבן פיל פון זיי געמוזט אָנקומען די ערשטע צייט צו פילאַנטראָפּיע פון אַ „הילפס־קאָמיטעט", וואָס די איינגעוואַנדערטע דייטשע, פראַנצויזישע און אַמעריקאַנער „יאַהודים" האָבן געגרינדעט גלייך ווי די ערשטע עטלעכע שיפן מיט יידישע אימיגראַנטן זענען אָנגעקומען. דער „הילפס־קאָמיטעט" האָט אָבער בלויז באַזאָרגט מיט עסן פון דריי ביז צען טעג. קיין קאָנסטרוקטיווע הילף איז דאָס נישט געווען און די אימיגראַנטן זענען געווען אָנגעוויזן אויף זייער אייגענעם דערהאַלטונגס־אינסטינקט. קורסן פון שפּאַניש זענען דורכן „קאָמיטעט" געעפנט געוואָרן ערשט אין אַ פּאָר חדשים אַרום. דערווייל איז די ברויט־פראַגע וואָס אַמאָל שאַרפער געוואָרן. די אַרבעטער פון צווישן די נייאָנגעקומענע האָבן נישט געקאָנט האָפן זיך באַלד ווידער איינצואָרדנען ווי אין דער נייער „היים", ווייל די אינדוסטריע אין דער הויפּטשטאָט איז נאָך געווען אין די וויקעלעך. די אַנדערע אימיגראַנטישע עלעמענטן האָבן אויך נישט געהאַט קיין אויסזיכטן; בלויז שוסטערס און שניידערס האָבן ווי עס איז זיך דורכגעשלאָגן אַפּנאַרענדיק דעם מאָגן.

עס איז דעריבער געווען נאטירלעך, אז פעדלעריי זאָל גלייך פארנעמען דעם ערשטן פּלאַץ צווישן די אימיגראנטישע פּראָפעסיעס. קרובים אין די פאריינִיקטע שטאטן האָבן געהאָלפן און אויף די נאָסן פון דער הויפּט־שטאָט האָבן זיך באוויזן די ערשטע פּעדלער מיט זאקן און קראוואטן. עטלעכע פארמעגלעכע יידן, אריבערגעקו־מענע „אויסגעגרינטע" פון די פאריינִיקטע שטאטן, האָבן געעפנט אן אנגראָ־פארקויף פון די דאָזיקע סחורות, זייער גוט אויסרעכענענ־דיק אויף די פּעדלער־מאַסע אַלס אויף זייערע בעסטע פארקויפער. אַ סך זענען קראנק געוואָרן פון ארומגיין אַ גאנצן טאָג מיט דער שווערער משא אונטער דער טראפּישער מעקסיקאנישער זון. אָבער די באדינגונגען פון דער פּעדלעריי האָבן זיך וואָס אַמאָל מער פארערגערט, צוליב דעם וואקסנדן אימיגראציע־שטראָם פון אייראָפּע די שווינדלערישע צוזאָגן פון די פארשידענע אגענטן, אז פון מעק־סיקע אין די פאריינִיקטע שטאטן איז בלויז איין שפּאַן, האָבן גע־לאָקט, און ווען מען איז אהער געקומען, איז מען מיט אַמאָל געבליבן אין אַ טעמפּן ווינקל. פּעדלעריי אליין האָט נישט געקאָנט דערנערן די ניי־אָנגעלאָפענע אימיגראנטן, און עס האָט זיך באוויזן דער האנדל מיט שטאָלווארג אויף די מארק־פּלעצער.

די באפעלקערונג פון דער הויפּט־שטאָט האָט אָנגעהויבן צו פאראינטערעסירן זיך מיט דעם פּעדלער־טיפּ. וואָס איז, לכתחילה, איר געווען סימפּאטיש, ווייל די אַלץ־וואקסנדע קאָנקורענץ צווישן פּעדלער און די גרויסע קראָמען, און אויך צווישן די פּעדלער גופא, האָט פארביליגט די סחורה. מען האָט אָנגעהויבן פרעגן די פּעדלער צו וועלכן פאָלק זיי געהערן. דער כמעט איינשטימיקער ענטפער איז געווען : „מיר זענען אַלעמאַנעס" (דייטשן). געטאָן האָט מען עס אויס מורא, אז די מעקסיקאנער זאָלן זיך, חלילה, דערוויסן, אז מען איז גאָר „כודיאָס" (יידן). דאָס וואָרט „כודיאָ" האָט אין מעקסיקע אַ נישט אָנגענעמען ביינעשמאַק: עס באדייט אויך „פּראָצענטניק". און אויסערדעם זענען ביים מעקסיקאנער די באגריפן פון „כודאָס" (יודאס) און „כודיאָ" נישט געווען פאנאנדערגעטיילט. דאַקעגן איז דאָס וואָרט „אַלעמאַן" (דייטש) דאָ גאָר געהויבן. דייטשן זענען אין מעקסיקע באַליבט מער ווי אַלע אַנדערע אויסלענדער, און מען קאָן זאָגן, אז בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען די מעקסיקאנער,

אלע ווי איינער, געווען דייטש־פריינדלעך. דער דאָזיקער פאַקט דער־קלערט, פאַרוואָס די יידישע פּעדלער האָבן גלייך פון אָנהויב זיך „פּראָקלאַמירט“ פאַר זייערע קונים אַלס „אַלעמאַנעס“.

דאָס האָט אין דער דייטשער קאָלאָניע אַרויסגערופן אַ סך בייז בלוט און איין שיינעם טאָג האָט זיך באַוויזן אין דער דייטשער צייטונג אַ שאַרפע דערקלערונג, אַז די דייטשן פון מעקסיקע וועלן נישט דולדן דאָס מיסברויכן זייער נאָמען און וועלן קעגן דעם אָנגעמען די ענערגישסטע מיטלען. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען אַ יידישער ענין איז אַרוים אין דער עפנטלעכקייט. אַ ביסל שפּעטער האָט אַ דייטש טאַקע אויסגעפּאַטשט אַ יידישן פּעדלער, וואָס האָט פאַר מעקסיקאַנער, צווישן וועלכע ער איז געזעסן, זיך אָנגעגעבן אַלס „אַלעמאַן“.

די מעקסיקאַנישע פּרעסע האָט זיך אין אַלגעמיין באַצויגן גאַנץ סימפּאַטיש צו דער יידישער אימיגראַציע; בלויז ווען אַ גרופּע אימיגראַנטן האָט אין אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע אויסגעדריקט איר אומצופרידנקייט קעגן אַ קאָמיסיע פון יידישע „אויספאָרשער“, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט די פּרעסע שאַרף געוואָרנט, אַז אויסלענדער זאָלן נישט וואַגן צו מאַכן וועלכע עס איז עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען...

אײַנגיכן האָט אויך די באַפעלקערונג אָנגעהויבן צו דערקענען די „דייטשן“ און אָפט פלעגן מעקסיקאַנער אַ שמייכל טאָן ווען אַ ייד פלעגט זיך זיי פאָרשטעלן אַלס דייטש. און אויב זיי פלעגן עס נישט זאָגן אָפן, פלעגן זיי אָבער ביי זיך קלערן: „אַ, אַלעמאַן קאָרטאַדאָ“ (אַ, אַ גע'מל'טער דייטש). דאָס האָט אָבער קיין פאַראורטיילן ביים מעקסיקאַנער קעגן יידן נישט אַרויסגערופן. אויסער „אַלעמאַנעס“ זענען נאָך געווען פיל „רוסאָס“ און „פּאָלאַקאָס“, וועגן וועלכע די מעקסיקאַנישע באַפעלקערונג האָט זיך שוין אויך נישט אָפּגענאַרט. וועגן דער „יעזוס־מאַריאַ“־גאַס, וווּ ס'האָט זיך קאָנצענטרירט דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט זיך ביי די מעקסיקאַנער געשאַפן אַ ווערטל: „אויף דער גאַס פון „יעזוס־מאַריאַ“ הערט מען אַמאָל שפּאַניש אויך“.

גלייך אין דעם ערשטן אימיגראַציע־יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַר אַלעמען איז קיין פּלאַץ אין גאַס־פּעדלעריי נישטאָ, און מ'האָט

געמוזט אָנהויבן איבערצוגיין צו אנדערע פאכן. יידישע „אבאַנעראַס" (פּעדלערס) האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין די טירן פון דער ווייניקער־פאַרמעגלעכער באַפעלקערונג. די אָנפאַנגס־קאַפּיטאַלן זענען געווען, שוין אַפילו מיט דער הילף פון קרובים אין די פאַריי־ניקטע שטאַטן, מיקראָסקאָפּיש קליין; דאַקעגן, די פאַרלוסטן — אָפּטע, ווייל די מעקסיקאַנער אָרימערע באַפעלקערונג בייט אָפּט די וווינונגען, ווען ס'האַלט ביי צאָלן חובות, און קיינער פון די שכנים „ווייסט נישט" וווהין מ'האָט זיך איבערגעצויגן.

די אָפּטע באַזוכן פון די יידישע „אבאָנעראָס" אין די וווינונגען פון די מעקסיקאַנישע פאָלקס־מענטשן האָבן געגעבן די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם, וואָס הערשט דאָרט. אַ אָרימע מעקסיקאַנערין, אַ מוטער, פון אַ פיר־פינף קינדער, וואָס קריגט פון איר מאַן בלויז אַ העלפט אָדער אַ דריטל פון זיין מאַגערן פאַרדינסט (דאָס איבעריקע פאַרטרינקט ער) קאָן זיך אָבער נישט באַגיין אין איר וווינונג אָן אַ גאַלעריע פון הייליקע בילדער. דאָס האָבן געזען די „אבאָנעראָס", און אַ נייער פאַך איז אײַנגיכן אַנטשטאַנען: די געטער־אינדוסטריע, ווידער אַמאָל אויף אויסצאָלן. ס'איז געווען צו באַוווּנדערן, ווי שנעל די געטער־פאַבריקאַנטן האָבן זיך אויסגעלערנט די געשיכטע פון די הייליקע און די נעמען פון יעדן באַזונדער. די קליענטן פלעגן זיך פשוט עצות האַלטן מיט זיי.

די דערמאָנטע דריי פאכן האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעשפּרייט אויך אין דער פּראָווינץ, ווייל צוליב דעם אומאויפהערלעכן אימיגראַציע־שטראָם, איז די קאָנקורענץ געוואָרן אומדערטרעגלעך.

צוויי יאָר נאָך דעם אָנהויב פון דער יידישער אימיגראַציע קיין מעקסיקע, האָבן זיך אָבער שוין אָנגעהויבן צו באַוויזן די ערשטע סמנים פון פּראָדוקטיווער יידישער אַרבעט און שאַפונג. די ציטוויי־ליגקייט, און מיט איר די מוט און ענערגיע־לאָזיקייט, האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן פון אימיגראַנטישן באַוווּסטזיין. אַ געוויסן טייל פון די איינגעוואַנדערטע האָט זיך איינגעגעבן אַוועקצופאָרן אין די פאַרייניקטע שטאַטן; אַ גאַנץ קליינער טייל איז צוריקגעפאָרן אין דער אַלטער היים. די געבליבענע האָבן ענדגילטיק שלום געמאַכט מיטן געדאַנק פון בלייבן אויף שטענדיק דאָ אין לאַנד.

# פינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער

## (אַ קליינער וועג-ווייזער פאַר טוריסטן)

איר קומט צו אַ יונגן, קוים 25 יאָר אַלטן, נייעם יידישן ישוב, וועלכער האָט אויף אַ גלענצנדן אויפן באַוויזן די יידישע וויטאַליטעט און צופּאַסונגס־פעאיקייט אין די פאַרשידנסטע אומשטענדן און אומ־געבונגען. אויב ס'וואָלט נאָך נויטיק געווען אַ באַווייז, אַז „נצח ישראל לא ישקר", וואָלט עס דער בליק־שנעלער אויפוווּקס פון דעם מעקסיקאַנער יידנטום געווען.

איר קומט צו אַ ישוב וועלכער האָט אין אַ קאַרגן פערטליאָר־הונדערט באַוויזן איינצושטעלן און אַנטוויקלען אַלע אָרגאַניזאַציאָ־נעלע פאָרמען, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלט־איינגעפונדע־וועטע יידישע קהלות.

איר וועט אין מעקסיקע טרעפן אַלע שאַטירונגען פון יידישן געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן דענקען, פון דעם „שאַ, שטיל, מאַכט נישט קיין גערודער" — האַלב אַסימילאַטאָר, ביז דעם טעמפּעראַמענט־פולן, היים־בלוטיקן ייד, וואָס וויברירט פיר און צוואַנציק שעה מיט נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין; איר וועט אויך דאָ טרעפן יידן, וואָס רעדן נאָך, לויטן געזעץ פון אינערציע, וועגן קאָסמאָפּאָליטיזם, און אויך יידן, וואָס אין 1945, נישט קוקנדיק אויף די שרעקלעכע דערפאַרונ־גען פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט און דער שוידערלעכער קעגנ־וואַרט, איז פאַר זיי ארץ־ישראל נאָך אַלץ דאָס זעלבע, וואָס אַ רויטע טוך פאַר אַן אָקס.

איר וועט אָבער זיין אָנגענעם איבעראַשט, ווען איר וועט זען, אַז דער היגער ישוב האָט גלייך פון אָנהויב באַוויזן אַ ריכטיקן חוש פאַר יידישער בוי־אַרבעט נישט בלויז פאַר דער קעגנוואַרט, נאָר אויך פאַר דער צוקונפט. אויב יידיש פאָלקסטום איז אייך ליב און טייער, וועט איר האָבן אַן אמתן נחת־רוח, ווען איר וועט זען מיט אייערע אייגענע אויגן דריי יידישע לערן־אַנשטאַלטן, אין וועלכע עס לערנען זיך מער ווי טויזנט יידישע קינדער, און פון וועלכע צוויי זענען נאָך אין עמבריאָן, אין פּראָצעס פון ווערן, און די דריטע, מיט צוואַנציק יאָר געשיכטע הינטער זיך, איז אַ בוים, וואָס טראָגט שוין פּרוכטן.

איך קען זיך פאָרשטעלן אייער פרייד, ווען איר וועט זיך באַקענען מיטן היגן יידישן שול־וועזן. איך זע אָבער גלייכצייטיק די נאָבעלע קנאה, וואָס אונזערע נאָרמאַלע, גאַנצע שולן וועלן אין אייך דערוועקן, און איך הער אייך שוין איצט זאָגן צו זיך אַליין: „אַך ווי גוט וואָלט עס געווען צו האָבן ביי אונז, אין די „שטאַטן", אַזעלכע „פּאַראָקיאַל־סקולס".

נישט ווייניקער איבעראַשט — אָנגענעם, פאַרשטייט זיך — וועט איר זיין, ווען איר וועט זיך אַביסל נענטער באַקענען מיט דעם יידישן וואָרט וואָס ווערט געשאַפן אין מעקסיקע, ווייל איר וועט אויסגעפינען, אַז אויף וועלכן געביט איר זאָלט נישט זוכן, זענען שוין דאָ שאַפונגען, וואָס זענען שוין אַרויס פון דער עטאַפּע פון ריינער עקזאָטישקייט. איר וועט צו אייער פאַרגעניגן גלייך דערזען, אַז נישט בלויז „מעקסיקאַנער קוריאָזיטעטן" ווערן דאָ געשאַפן, נאָר אויך מער אָדער ווייניקער געלונגענע ביישטייערן צו דער אַלגעמיין־יידישער ליטעראַטור.

ס'וועט אייך פרייען, ווען איר וועט זיך אַליין איבערצייגן, אַז מ'קען שוין דאָ רעדן פון אַ אָנהויב פון אַ מעקסיקאַניש־יידישער ליטעראַטור, מיט אַ אויסגעשפּראָכן לאָקאַלן קאָלאָריט, און אַז פון דער צווייטער זייט זענען שוין דאָ אין מעקסיקע געשאַפן געוואָרן ווערק, (ווי צום ביישפּיל: „קריסטאָבאַל קאָלאָן", פון יעקב גלאַנץ), וואָס אי לויט זייער פאַרנעם, אי לויט זייערע קינסטלערישע דערגרייכונגען, זענען זיי ווייט אַרויס פון די גרעניצן פון מעקסיקע.

ס'וועט אייך אַביסל אָדער טאַקע אפשר גאָר אַ סך, שאָקירן דער

וויסטער סנאביזם, וואָס מערקט זיך אויף שריט און טריט אין דעם לעבנס־שטייגער פון אַ געוויסן טייל פון היגן ישוב, און איר וועט געוויס וועלן פאַרשטיין דעם זין פון אָט דער דערשיינונג. וועט איר די פּאַסנדע דערקלערונג געפינען אין דוד איינהאָרנס בוך „שוואַרץ־רויט", קאַפּיטל: „די נייע ראַסע".

אומפאַרשטענדלעך וועט פאַר אייך געוויס אויך זיין דער פאַקט, וואָס איר קומט צו אַ ישוב כמעט אָן איין איינציקן יידישן אַרבעטער. ווען איר וועט זיך אַביסל נענטער באַקענען מיט מעקסיקע, וועט איר שוין אַליין באַגרייפן דעם פאַרוואָס. דאָס וועט אייך אויך קלאָרער מאַכן די שאָטן־זייטן פון דעם יידישן לעבן אין מעקסיקע.

איך ווייס נישט צי ס'וועט אייך שטאַרק פרייען, אָבער וויסן דאַרפט איר עס: אַ גאַנץ באַדייטנדער טייל פון דער היגער יידישער באַפעלקערונג האָט שוין די עטאַפּע פון אייגענע הייזער הינטער זיך, און האָט שוין אָנגעהויבן דעם קאַפּיטל פון אייגענע פּאַלאַצן. ס'איז שוין נישט ווייט די צייט, ווען אונזער דיכטער יצחק בערלינער וועט דאַרפן שאַפן אַ נײַ בוך: „די שטאָט פון יידישע פּאַלאַצן".

מיט איין וואָרט, איר וועט דאָ זיך טרעפן מיט דעם איינגעאַרטיקסטן יידישן ישוב, וואָס איר קענט זיך נאָר פאָרשטעלן. אַ ישוב וועלכער איז, אין זיין ווייט־גרעסטן טייל, גאָר פיין פאַרזאָרגט מיט פּרנסה, האָט נישט קיין דרינגענדע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען און לעבט זיך „ווי גאָט אין אָדעס"; און אויב ער האָט וועלכע ס'איז זאָרגן, זענען עס בלויז די קאָשמאַרנע גרוסן, וואָס דערגייען פון יענעם זייט ים.

ס'וועט אייך אויך נישט לאַנג דויערן אויסצוגעפינען, אַז אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע אין וועלכער די היגע יידן זענען געגאַנגען, עקאָנאָמיש, באַרג־אַרויף, זענען זיי — מיטן אויסנאַם פון אַ אומבאַדייטנדער מינדערהייט — געגאַנגען, קולטורעל, באַרג־אַראָפּ, און אַז אונזער פעליעטאָניסט, ווייסבוים איז גאָרנישט אַזוי אומגערעכט געווען, ווען ער האָט פּאַראַפראַזירט די אַלט־באַקאַנטע פראַזע פון חומש אויף „ויהי ערב, ויהי פּויקער".

אָבער גלייכצייטיק מעלד איך אייך, אַז די מעקסיקאַנער יידן קענען מיט אַ רואיקן געוויסן זאָגן: „וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער ברייט־האַרציקע, אָפנהערציקע יידן זענען מיר".

# מעקסיקאַנער יידן, אָדער יידן אין מעקסיקע?

אין פראגן פון געזעלשאפטלעכן לעבן זענען אָפטמאָל דאָ באַגריפן, וועלכע דערגענצן זיך. ס'זענען אָבער אויך גאַנץ אָפט דאָ באַגריפן, וועלכע שליסן זיך קעגנזייטיק אוים. ס'פּאסירט אויך מאַנכמאָל, אַז באַגריפן, וועלכע זענען דיאמעטראַל קעגנזעצלעך, ווערן פון ברייטן עולם גאָר באטראַכט אַלס ענלעכע, אין אַזעלכע פאַלן איז בלויז נויטיק אַ ביסל אנאַליטישע צוגלידערונג, בכדי די ריכטיקע סיטואַציע זאָל קלאָר ווערן, און מיר זאָלן אָפּשאַצן זאַכן לויט זייער אמתן ווערט.

אַלס ביישפּיל פון אַזעלכע צוויי באַגריפן, וואָס, ווען אויבערפלעכלעך געזען, זענען זיי זיך זייער ענלעך, אָבער, ווען טיפער באַטראַכט, זענען זיי גאָר גרונטזעצלעך פארשידן, און, נאָכמער, גרונטזעצלעך קעגנגעזעצט, — קענען דינען די פאָלגנדיקע צוויי:

„מעקסיקאַנער יידן" און „יידן אין מעקסיקע".

מוזן מיר זיך פארקלערן: וואָס זענען מיר טאַקע: „מעקסיקאַנער יידן" אָדער „יידן אין מעקסיקע".

„וואָס איז דען דאָ פאַר אַ אונטערשייד?", וועט דער דורכשניטלעכער לייענער פרעגן. „יידן אין מעקסיקע זענען נאַטירלעך מעקסיקאַנער יידן, און דער ענין איז דערליידיקט".

איז אָבער די מעשה, אַז דער ענין איז נאָך נישט דערליידיקט

און אז ער איז נישט אזוי איינפאך ווי ס׳דוכט זיך אוים אויפן ערשטן בליק. ס׳איז נאר זייער מעגלעך, אז די דערמאנטע צוויי באגריפן שליסן זיך קעגנזייטיק אוים.

— 2 —

„יידן אין מעקסיקע" איז א באגריף, וועלכער שטעלט איין צווישן די יידן, וואס האבן אהער אימיגרירט, ווי אויך צווישן זייערע קינדער, דא געבוירענע אדער אריבערגעקומענע, און דעם לאנד, וואס הייסט מעקסיקע, א ריין־געאגראפישע באציאונג. א באציאונג, וואס איז א ריין־ אויסערלעכע, בעסער געזאגט, א ריין־מעכאנישע.

„יידן אין מעקסיקע" מיינט, אז אזוי ווי דער שיקזאל האט אונז פארווארפן אהער, אין דעם אצטעקן־לאנד, האבן מיר קיין אנדער ברירה נישט ווי צו בויען און פארפונדעווען דא אונזערע היימען. מיר מוזן לאזן דא עקאנאמישע ווארצלען און אויסשפרייטן וואס מער אונזער ווירטשאפטלעכן לעבן.

„יידן אין מעקסיקע" הייסט אויך, אז אונזער גייסטיקע געצעלטן האבן מיר געבראכט פולשטענדיק־פארטיקע און פערפעקטע אין יע־דער הינזיכט, פון די אלטע היימען אין איראפע, און בלויז אין זיי וווינען מיר. אויסער דעם ריין־מעכאנישן קאנטאקט מיט דער געביר־טיקער באפעלקערונג, אין זין פון שפראך, וועלכער איז אומפארמייד־לעך, האבן מיר מיט דעם פאלק, צווישן וועלכן מיר לעבן, קיין שום באציאונגען נישט. מיר זענען נישט קיין קאנסומענטן פון זייערע קולטור־ווערטן. מיר פארברויכן נאר דאס, וואס די אלטע היים האט אונז מיטגעגעבן אויף אונזער עמיגראנטן־וועג.

„יידן אין מעקסיקע" מיינט, מיט איין ווארט, גייסטיקע איזא־לאציע פאר דעם היגן ישוב. פארפאראזירנדיק יהודה הלוים בא־רימטע ווערטער: „איך בין אין מעריב, אבער מיין הארץ איז אין מזרח", דארף מען, אין אנבליק פון דעם באגריף „יידן אין מעקסי־קע", זאגן: „מיר זענען טאקע דא, אבער אונזער הארץ איז אין קאפוליע".

„יידן אין מעקסיקע" הייסט אומבאדינגטע און אומקאמפראמיס־לעכע פארטזעצונג פון א געוויסן לעבנסשטייגער, וועלכער געהערט

שוין אויך אין די ערטער פון וועלכע ער שטאמט, צו דער געשיכטע, נישט קוקנדיק אויף די נייע אָביעקטיווע באַדינגונגען פון דעם אַזוי אַנדערשדיקן קאָנטינענט, אויף וועלכן מיר לעבן און פון דעם לאַנד אין וועלכן מיר וווינען.

„יידן אין מעקסיקע" הייסט, ענדלעך, דערקלערן די פאַרגאַנגענהייט אַלס די אַפּסאָלוטע הערשערין איבער דער קעגנוואַרט. די אַלטע היים מיט אַלע אירע אייגנטימלעכקייטן און „פּיטשעווקעס" אין דעם גאַנץ אַנדערשדיקן פיזישן און גייסטיקן קלימאַט פון דעם אַמעריקאַניש־אַנגעהויכטן, מיט טראָפּישן זונען־ליכט פאַרגאָסענעם, און מיט מערידיאָנאַלן פילן און וועלן דורכגעדרונגענעם מעקסיקע.

פרעמד צום לאַנד, אייגן בלויז צווישן אייגענע, אָט דאָס איז: „יידן אין מעקסיקע". אַ פרייוויליק־אויפגעבויטע, אויף זיבן שלעסער פון אינעווייניק פאַרשלאָסענע געטאָ.

— 3 —

און וואָס איז געמיינט מיט „מעקסיקאַנער יידן?"

„מעקסיקאַנער יידן" דאָס איז אַ באַגריף, וואָס איז דיאַמעטראַל קעגנגעזעצט צו דעם, וואָס ווערט אויסגעדריקט דורך „יידן אין מעקסיקע".

„מעקסיקאַנער יידן" זענען יידן, וועלכע, האָבנדיק עמיגרירט אַהער און, האָבנדיק זיך עקאָנאָמיש פאַרוואָרצלט אין לאַנד, שטעלן זיי זיך דערביי נישט אָפּ, נאָר גייען באַוווּסטזיניק און פרייוויליק דעם גאַנצן ווייטערדיקן וועג פון זיך איינבירגערן אין לאַנד, דאָס הייסט דעם וועג פון שאַפן אַן ענגן גייסטיקן קאָנטאַקט צווישן דעם קולטור־לעבן פון מעקסיקע און זיך זעלבסט.

„מעקסיקאַנער יידן" זענען יידן, וואָס פאַרשטייען, אַז סביבה באַווירקט און אַז פּונקט ווי ס'איז קיינעם פון זיי נישט איינגעפאַלן אין דער אַלטער היים צו זיין בלויז „אַ ייד אין רוסלאַנד", אָדער „אַ ייד אין רומעניע", נאָר ס'איז געווען פאַר זיי אַקסיאָמאַטיש אַז זיי זענען רוסישע, פּוילישע, ליטווישע אָדער רומענישע יידן, אַזוי דאַרפן זיי אינטענסיוו מיטלעבן דאָס לעבן פון זייער נייעם לאַנד.

מיטלעבן עס אויף אלע געביטן: קולטורעל, פאליטיש, עקאנאמיש און סאציאל.

„מעקסיקאנער יידן" מיינט נישט אימיטירן, בעסער געזאגט „נאכמאלפעווען" אויסערלעבע מעקסיקאנישע לעבנס־פארמען, און נאך ווייניקער מיינט עס זיך אריינמאטערן אין דעם ספעציפישן מעקסיקאנישן צוגאנג צו וועלט און מענטשן. עס מיינט אבער־יא זיך נישט קעגנשטעלן דעם נאטירלעכן פראצעס פון דער בהדרגה'דיקער באפארבונג פון אונזערע יידישע לעבנס־פארמען דורך דער סביבה, וועלכע מוז אומפארמיידלעך געבן דעם היגן יידן א געוויסע אייגנארטיקייט אין הינזיכט פון גייסטיקן און אפילו פיזישן קאלאריט.

„מעקסיקאנער יידן" מיינט אויך, אז די היגע יידן, זייענדיק א טייל פון דעם גרויסן ארקעסטער, וואס הייסט וועלט־יידנטום, שפילן אויף זייער אייגענעם אינסטרומענט, וועלכער איז איינציק, טאקע דערפאר, ווייל די ספעציפישע באדינגונגען, וועלכע פארמירן דעם ישוב, זענען מעקסיקאניש־איינציק.

„מעקסיקאנער יידן" הייסט גאנצע יידן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואס זיי לעבן זיך אויך אוים פול־בלוטיק אין אלעם דעם, וואס מעקסיקע קען זיי געבן רייכער צו מאכן זייער לעבן אין קולטור און קונסט, אין אינטעלעקטועלע באגריפן און עסטעטישע עמאציעס

„מעקסיקאנער יידן" מיינט אויך: אלץ, וואס איז אין יידישן לעבן, דעם אמאליקן, ווי דעם איצטיקן, מסוגל צו פארווארצלען און מאכן פעלזן־פעסט אונזער יידישן באוווסטזיין פון וועלט־געשיכטלעכער יידישקייט, מוז זיין אונזער און אונזערע קינדערס גייסטיקער רוקן־ביין: אלץ וואס איז וויטאל־ווערטפול אין דעם קולטור־היסטארישן מעקסיקאנישן אוצר; אלץ, וואס איז אינטעלעקטועל־באווייבערנד און עמאציאנעל פארטיפנד פאר אונזער אייגענעם וועזן אין דער מעקסיקאנישער ווירקלעכקייט, — נעמען מיר גערן אויף, ווי עפעס, וואס פארשענערט און מאכט פולער אונזער פערזענלעכקייט.

# ווען יידיש אין אייערע היימען

אין א מזלדיקער שעה האָט אייך דער שיקזאַל געבראַכט צו די ברעגן פון אָט דעם גאָט־געבענטשטן, פרייען און גאַסטפריינטלעכן לאַנד. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן א נייער קאַפּיטל אין אייער לעבן. די ים־נסיעה אהער האָט אייך אָפּגעטיילט פון אייערע געבורט־לענדער אין אייראָפּע נישט בלויז געאָגראַפיש, נאָר אויך גייסטיק. דאָס געפיל פון זיין אונטערדריקט און פאַרפאָלגט — צוליב די אָדער יענע אורזאַכן — וואָס האָט אייך ווי א קאָשמאַר געהאַט באַגלייט טאָג און נאַכט אין אייערע אַלטע היימען, איז ווי דורך א כישוף פאַרשוווּנדן גלייך ווי איר האָט געשטעלט די ערשטע טריט אויף דעם באָדן פון דעם אַצטעקן־לאַנד.

איר אַלע, וואָס אין די אַלטע היימען איז אייך שווער געווען צו אָטעמען צוליב דעם אייזערנעם גאַרטל פון עקאָנאָמישע און אַלערליי אַנדערע באַגרענעצונגען, אין וועלכן איר זענט געווען אריינגעשפּאַרט, האָט דאָ אין מעקסיקע דערשפּירט אין זיך נייע, כמעט אומאויסשעפּלעכע קוואַלן פון ענערגיע, וועלכע איר האָט אָנגעווענדט לטובת דעם קאָמערציעלן און אינדוסטריעלן אויפבלי פון לאַנד.

איר זענט אהער געקומען אין דעם ריכטיקן פּסיכאָלאָגישן מאָמענט, אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, ווען דאָס לאַנד, מיד פון די קאָנוווּלסיעס פון דער פּאָליטישער און — שפּעטער — סאָציאַלער רעוואָלוציע, האָט אָנגעהויבן דורכצומאַכן דעם פרידלעכן איבערגאַנג פון פעאָדאַלער אָרדנונג צו א מער מאָדערנעם ליבעראַל־

קאפיטאליסטישן רעזשים, מיט האנדל און אינדוסטריע, און במילא מיט א מער מאָדערנעם שטאַטישן לעבן אלס וויכטיקן צווייג.

דער דאָזיקער פאקט האט אייך צוגעשפילט, ווייל אייער נישט אויסגעבערענטע ענערגיע פון דער אַלטער היים האָט דאָ געפונען א וואונדערבאַרן פעלד, אויף וועלכן איר זענט געווען נויטיק. איר האָט אויסגעפילט עקאָנאָמיש־נוצלעכע פונקציעס, און דאָס לאַנד האָט אייך דערפאַר באַצאָלט כפל־כפלים.

און אָט שטייט איר איצט אויף דער סצענע פון וועלט יידנטום ווי דער וואונדער־קינד־ישוב, וועמענס אויפבלי און וויינִיקער ווי א פערטל־יאָרהונדערט און וועמענס ברייטהאַרציקייט, אויסגעדריקט אין פריינגעביקייט, ווערט ווייט און ברייט קאָמענטירט אין דער יידישער וועלט.

איר האָט אָבער פון אייערע אַלטע היימען מיטגעבראַכט אַהער נישט בלויז א סך נישט אויסגעברענטע ענערגיע אויפן עקאָנאָמישן געביט, נאָר אויך א שטאַרקן ווילן פאַרצוזעצן אייער עקזיסטענץ אַלס יידן, אינדיווידועל און אויך קאָלעקטיוו. דער בעסטער באַווייז פון דעם זענען די צאָלרייכע, פאַרצווייגטע אינסטיטוציעס, וואָס איר האָט אויפגעבויט אויף פאַרשידענע געביטן פון עקאָנאָמישן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. און דאָס ברענגט מיך צו דער פראַגע פון יידיש אין אייערע היימען.

פונקט אזוי ווי קאָלעקטיוו זענט איר שטאַרק טעטיק אין דעם זין פון זיך אויסלעבן יידיש און אין יידיש, אזוי זענט איר פּאַסיוו, ווען עס קומט צו אייער אויסלעבן זיך יידיש אין דער היים. עס האָט זיך מיט דער צייט אנטוויקלט אין אייך עפּעס א מין קאָמפּלעקס וועלכער מאַכט אייך זיך פילן בעסער, איך וואָלט געזאָגט: כמעט נאָ־טירלעכער, ווען אייערע קינדער ווענדן זיך צו אייך אויף שפּאַניש; עפּעס פונקט ווי איר און אייערע פרויען וואָלטן זיך געפילט שולדיק קעגן אייערע קינדער, (און איך וואָלט געזאָגט אפילו פאַר אייער הויז־דינערשאַפט) פאַר דעם, וואָס דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז אייער מוטער־שפּראַך זאָל זיין יידיש.

און אזוי ווי איר, אונטער דעם איינפלוס פון אָט דעם קאָמ־פּלעקס, טוט גאָרנישט כדי צו באַווירקן אייערע קינדער, אַז זיי זאָלן רעדן אייער שפּראַך, נאָר אומגעקערט, מיט אייער פּאַסיווער שטע־

לונג סטימולירט איר זיי צו באטראכטן שפּאניש אַלס זייער מוטער־שפּראַך, — דערגרייכט איר מיט דעם אָט וואָס:

אייערע קינדער — אַפילו ווען זיי באַזוכן די יידישע שולן, — נישט ווערנדיק סטימולירט צו רעדן יידיש אין זייער אייגענער היים, און זעענדיק ווי זייערע עלטערן בויגן זיך (מיט עפּעס אַ מין מאזאָ־כיסטישן פאַרגעניגן פון רעדן אַ צוקאַליעטשעטן אָדער אין בעסטן פאַל, שווינדזיכטיקן שפּאניש) פאַר דעם שפּראַכלעכן ווילן פון דעם נייעם דור, קריגן מיט דער צייט אַ געפיל פון פאַראַכטונג צו אייער מוטער־שפּראַך ווי צו עפּעס מינדערווערטיקעס. די זעלבע באַציאונג קריגן זיי אויך צו די צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער, וואָס איר לייענט. אזוי ווי די ידיעות פון יידיש און יידישער ליטעראַטור און געשיכטע וואָס מען גיט זיי אין די יידישע שולן, קריגן נישט קיין שום עכאָ אין דער היים, דורך דעם קלאַנג און ריטם פון דער יידישער שפּראַך, וועלכע איר מיידט, צוליב אַ אינפעריאָריטעט־קאָמ־פּלעקס אויס, — ווערן פאַר זיי אויך די יידיש־למודים אין די שולן פאַרוואַנדלט אין עפּעס אַ ריין מעכאַנישן ענין, וואָס האָט אייגנט־לעך גאָרנישט צו טאָן מיט זייער אינערלעכן שפּראַכלעך־גייסטיקן אויסדרוק פון זייער לעבן.

די דאָזיקע לייכטזיניקע באַציאונג צו אייער שפּראַך און צו די גייסטיקע ווערטן אין יידיש מוז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ געוויסע גרינגשעצונג אויך צו אייך. אזוי ווי אייערע קינדער נעמען פאַקטיש נישט קיין אנטייל אין אייער גייסטיקן און קולטורעלן אויס־לעבן זיך, וועלכעס קומט פאַר אין יידיש, און איר, מיט אייער שטיל־שווייגנדיקן סאַנקציאָנירן שפּאניש אַלס שפּראַך פון דער היים, שפּייט זיך אַליין אין פּנים, איז אומפאַרמיידלעך, אַז עס זאָל זיך מיט דער צייט ביי זיי זיך שאַפן אַ בטול־קוק אויף אייער גאַנצע קולטור, וועמענס וויכטיקסטן אינסטרומענט, די יידישע שפּראַך, איר אַליין זענט, אין אייערע היימען, די ערשטע אַרויסצוואַרפן דורכן פענצטער.

„יאָרן זענען פאַרביי, זינט איך האָב פאַרלאָזן אָט די דאָזיקע נעסט פון וויסן און פרייד. כיהאָב שוין אַ זון, וועלכן איך וועל מיט דער צייט דאַרפן פירן אין דער זעלביקער שול, וווּ זיין מאַמע האָט אַזוי שיין און נוצלעך פאַרבראַכט אירע קינדער־יאָרן, און מיין איינציקער ווּנטש איז, אַז זיינע דע־רינערונגען זאָלן זיין נישט ערגער ווי זיין מאַמעס, און דאָס וועט מיר פאַרשאַפן פיל גליק און פרייד“.

## אַ געוועזענע שילערין

(אין „יובל־בוך“, ארויסגעגעבן צום פופצן־יאָריקן יובילײ פון דער יידי־שער שולע).

# די געבורט

ס'ווערט שוין באַלד פינף און צוואַנציק יאָר זינט די ערשטע מזרח־אייראָפּעאישע יידישע אימיגראַנטן האָבן באַטראָטן דעם מעקסיקאַנישן באָדן און געלייגט דעם פונדאַמענט פון איינעם פון די גאָר יינגסטע ישובים.

די פּיאָנערן פון דעם מעקסיקאַנער יידישן ישוב זענען געווען מערסטנס פּאָליטישע עמיגראַנטן פון פּוילן און ליטע, וועמען די שטורעם און דראַנג צייט פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אויף דעם אָדער יענעם אופן ארויסגעשטויסן פון אייראָפּע.

פאַר דעם רוב מנין ובנין פון די דאָן איינגעוואַנדערטע יידן איז מעקסיקע געווען בלויז אַ טראַנזיט־לאַנד, און זייערע אויגן זענען געווען געווענדט צום צפון, צו די פאַרייניקטע שטאַטן.

פעדלעריי מיט זאַקן, האַנדל מיט שטאָלוואַרג אויף די מערק פון דער הויפּט־שטאָט און דער געטער־מסחר, אַט דאָס זענען געווען די דריי וויכטיקסטע באַשעפטיקונגען פון דעם יידישן אימיגראַנט אין מעקסיקע אין די ערשטע צוויי־דריי יאָר. די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם יונגינקן ישוב איז ווייט נישט געווען קיין דערמוטיקנדיקע פאַר קולטור־אַרבעט און קולטור־אונטערנעמונגען. און דאָך, מ'קען זאָגן, פון דעם ערשטן יאָר אָן, האָט אין מעקסיקע געקלאַפּט דער פּולס פון יידישן קולטור־לעבן און יידיש־קולטורעלן זיך אויסלעבן. איינע פון די שענסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון דער מעקסיקאַנער יידישער קאָלאָניע זענען די זונטיקדיקע נאָכמיטאָגן

פון 1921־1922 ווען יידישע אימיגראנטן, נאָך אַ האַלבן טאָג אָנ־געשטרענגטער אַרבעט, פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אין אַן אָרעמען צימער פון איינעם פון זיי און ביי אַ שטיקל ברויט מיט הערינג און אַ גלאָז וואַסער אויסהערן רעפעראַטן אויף אַקטועלע פּאָליטישע אָדער ליטעראַרישע טעמעס, און דיסקוטירן די יידישע לאַגע אין אַרבע פּינות העולם.

די דאָזיקע טענדענץ צום יידיש־קולטורעלן אויסלעבן זיך האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען אַלץ מער און מער קאָנקרעטע פאָרמען אויפן דריטן יאָר פון דער יידישער אימיגראַציע אין מעקסיקע, ווען ס'האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן צו באַווייזן די ערשטע סימנים פון פּראָדוקטי־ווער יידישער אַרבעט און שאַפונג. דאָס באַוווסטזיין פון צייטווייליקייט, וועלכעס האָט ביז דאַן געאַמפּערט דעם אונטערנעמונגס־גייסט אויפן קולטור־געביט, ווי אויך אויף אַנדערע געביטן, האָט אָנגע־הויבן צו פאַרשווינדן. די לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן צו קריסטאַלי־זירן. אַ געוויסן טייל פון די איינגעוואַנדערטע האָט זיך איינגעגעבן אוועקצופּאָרן אין די פאַרייניקטע שטאַטן. אַן אומבאַדייטנדע מינ־דערהייט איז צוריקגעפאָרן אין דער אַלטער היים, און די מערהייט האָט ענהליך דורכגעמאַכט דעם גייסטיקן איבערברוך און ענטגיל־טיק שלום געמאַכט מיט דעם געדאַנק פון פאַרבלייבן אויף שטענדיק אין דעם אַצטעקן־לאַנד.

דער דאָזיקער פּסיכישער איבערברוך אין דעם באַוווסטזיין פון די יידישע אימיגראַנטן איז גלייכצייטיק געווען דער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט ווען ס'האָט אָנגעהויבן צו יוירן דער געדאַנק וועגן דער נויט־ווענדיקייט אָנצוקצושטעלן דאָס קולטור־לעבן פון דער יידישער אי־מיגראַנטן־מאַסע אין מעקסיקע אויף געזונטע יסודות. די אינדיווי־דועלע קולטור־נויטן האָבן אָנגעהויבן זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ קאָלעקטיווער נויט־באַדערפעניש, און אַזוי אַרום זענען אַנטשטאַנען די ערשטע קלובן און ביבליאָטעקן. די יידישע פּרעסע פון ניו יאָרק, וועלכע האָט אונטערדעסן אָנגעהויבן צו באַווירקן דאָס גייסטיקע לעבן פון דעם מעקסיקאַנער יידן, האָט אויך בייגעטראָגן צו שטאַרקן דעם ווילן פונם אימיגראַנט צו פירן אין דעם נייעם לאַנד אַ נאָרמאַלן יידישן קולטור־לעבן.

און אַזוי איז אַנטשטאַנען די אידייע וועגן דער דרינגלעכער נויט־

װענדיקײט פֿון אַ ייִדישער שולע אין מעקסיקע. ס'איז קלאָר געװאָרן, אַז אױב מ'װיל פֿאַרמײַדן די אַסימילאַציע־טענדענצן, װעלכע זענען אומפֿאַרמײַדלעך דאָרט װו דאָס ייִדיש װאָרט װערט נישט גערעדט און געהערט, װו דאָס ייִדיש בוך האָט קײן צוטריט נישט, װו דאָס ייִדיש בילד באַצירט נישט די װענט, מוז דאָס ייִדישע מעקסיקע, זיך באַצײַטנס פֿאַרזאָרגן מיט אַ ייִדישער שולע, װאָס זאָל שאַפֿן אַ סביבה, װעלכע זאָל, גײַסטיק, באַגלײטן אירע תּלמידים אױף אַלע זײערע לעבנס־װעגן. אַ שולע װאָס זאָל שאַפֿן אַ װאַרעמע אַטמאָספֿערע נישט נאָר פֿאַר אירע תּלמידים און תּלמידות, נאָר אױך פֿאַר דעם ישוב בכלל. אַ שולע, װאָס זאָל זײַן דער צענטער פֿון דעם קולטור־אינטערעס פֿון דעם ישוב.

אַזױ איז עס טאַקע געװען. אַ הײפֿל אימיגראַנטן, באַװוסטזיניקע און דורכגעדרונגענע מיט נאַציאָנאַלער פֿאַראַנטװאָרטלעכקײט, האָט אין דעצעמבער פֿון יאָר 1924 געעפֿנט אין מעקסיקע אַ שולע פֿאַר 28 קינדער. דער דאָזיקער שולע איז באַשערט געװען צו װערן די יעניקע מוסטער־אינסטיטוציע מיט װעלכער דער מעקסיקאַנער ייִדישער ישוב פּרעזענטירט זיך איצט פֿאַר דער ייִדישער װעלט װי מיט זײַן שענסטן בײַטראָג צו דער מאָדערנער ייִדיש־װעלטלעכער קולטור.

# „קרעדאָ"

כדי קלאָר צו מאַכן פאַרוואָס איך באַטראַכט גראָד די יידישע שול ווי די פאַרקערפּערונג פון דעם אידעאַל פון יידישער דערציאונג פאַר מיינע קינדער (אין די באַדינגונגען פון אָרט און צייט, אין וועלכע מיר לעבן דאָ), איז נויטיק פעסטצושטעלן פריער, וואָס וויל איך, ווי אַ פאָטער, אַז מיינע קינדער זאָלן זיין אַלס יידן.

ערשטנס, וויל איך, אַז די שול זאָל מיר העלפן ווייטער צו לעבן, גייסטיק, אין מיינע קינדער.

צווייטנס, וויל איך אַז די שול זאָל מיר העלפן שאַפן אין זיי די פּסיכאָלאָגישע איינשטעלונג, וואָס ס'איז נויטווענדיק פאַר אַ יידן זיך צו אָריענטירן און זיך דורכצוקעמפן אין אַ וועלט, וואָס איז פול מיט ספּעציפיש־יידישע פּראָבלעמען.

ס'איז נאַטירלעך, אַז, ווי אַ פאָטער, זאָל איך שטרעבן דערצו, אַז דאָס, וואָס עס איז מיר, אַלס יידן, ליב און טייער, דאָס הייסט, מיין גאַנצע היסטאָריש־טראַדיציאָנעלע גייסטיקע ירושה פון פריערדיקע דורות, וועלכע איז שטאַרק באַרייכערט געוואָרן דורך די וווּנדער־אויפטוען פון דעם יידיש־קולטור־רענעסאַנס, זאָל אויך ביי מיינע קינדער האָבן חשובות, און זיי זאָלן זיין דורכגעדרונגען מיט טיפער אַכטונג צו איר, און איינשליסן איר אין זייער גייסטיקן לעבן, ווי אַ אָרגאַנישן באַשטאַנד־טייל.

עס איז אויך נאַטירלעך מיין צווייטער ווונטש: אַז זיי זאָלן קענען שטיין, ווי יידן, פעסט אויף זייערע אייגענע פיס אין אַ צושטור־

רעמטער וועלט, אין וועלכער, אויסער די פּראָבלעמען פון „מענטש אין געזעלשאפט", וועלן זיי נאָך מוזן לייזן, יעדער איינער אין זיין אייגענעם לעבן, די אומצייליקע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון „ייד אין דער וועלט".

וואָס זשע שטעל איך מיר פאָר קאָנקרעט אין דער ראָזיקער הינזיכט?

איך וויל, אַז מיינע קינדער זאָלן זיין נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניק; אַז זיי זאָלן טיף באַגרייפן די קאָנטינואיטעט פון יידישקייט, נישט קוקנדיק אויף אַלע פאַרענדערונגען אין אונזערע לעבנס־פאָרמען אין משך פון דורות אין די פאַרשידנסטע לענדער.

איך וויל, אַז מיינע קינדער זאָלן זיין פאַראינטערעסירט אין איצטיקן יידישן לעבן אין אַלע לענדער פון דער וועלט, און זאָלן זיך פילן סאָלידאריש און מיט־פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם היסטאָרישן שיקזאַל פון אונזערע ברידער אין יעדן לאַנד.

איך וויל, אַז מיינע קינדער זאָלן זיין דורכגעדרונגען מיט דער אומגעהויערער וויכטיקייט פון ארץ־ישראל און דעם ארץ־ישראל געדאַנק אין פאַרלויף פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע, און פון ארץ ישראלס פּלאַץ אין דעם יידישן נאַציאָנאַלן רענעסאַנס.

איך וויל אָבער נישט, אַז ארץ ישראל זאָל מאָנאָפּאָליזירן זייער האַרץ און געדאַנק. איך וויל נישט, אַז אין זייער מוח זאָל זיך אַריינכאַפּן אפילו דער קלענסטער עלעמענט פון „שלילת הגלות". איך וויל, אַז אין זיי זאָל זיין טיף פאַרוואָרצלט דאָס באַוווסטזיין, אַז זייער יידישקייט איז די סומע פון היסטאָרישע, נאַציאָנאַל־פּסיכאָלאָגישע, דערפאַרונגען אין אַלע לענדער און קאָנטינענטן, וווהין דער שיקזאַל האָט אונז געבראַכט.

איך וויל, אַז מיינע קינדער זאָלן גלויבן באמונה שלמה, אַז אונזער יידישער שיקזאַל איז ענג פאַרבונדן מיט דעם שיקזאַל פון די פּראָגרעסיווע כוחות אויף דער וועלט. איך וויל, אַז זיי זאָלן זיין איבערצייגט, אַז רעאַקציע איז במילא אַנטיסעמיטיזם, און אַז ווו ס'טליעט אַזאַ פונק, דאָרט איז אָן שום ספק אַ נעסט פון סאָציאַלע פינסטערלינגן. איך וויל, אַז זיי זאָלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז די יידן־פראַגע איז נישט בלויז אַ פראַגע פון ארץ ישראל, ווי אַ לאַנד פאַר יידן, נאָר אין דערזעלבער מאָס אַ פראַגע פון סאָציאַלער

גערעכטיקייט אויף דער גאנצער וועלט, ווייל נאָר דאָרט ווו די הידרע פון סאָציאַלער רעאַקציע איז דערשטיקט, קענען מיר דערוואַרטן יושר אין באַצוג צו אונז.

איך וויל דערפאַר, אַז מיינע קינדער זאָלן אין שול אין זיך איינזאפּן אַזאַ מין גייסט, וואָס זאָל זיין יידיש־נאַציאָנאל און סאָציאַל־פּראָגרעסיוו.

דעם ידאָזיקן גרונט־פּראָגראַם האָט די יידישע שול, מיט דעם פולן באַוווסטזיין פון איר אויפגאַבע און אחריות, און מיט אַ פעלזן־פעסטער אומשלאָסנקייט, קאָנסעקוועט דורכגעפירט אין משך פון די צוואַנציק יאָר פון איר ביז איצטיקער עקזיסטענץ.

# די יידישע שול אַלס קולטור־פאַקטאָר

איינע פון די גרעסטע דערגרייכונגען פון דער יידישער שול אין די צוויי צענדליק יאָר פון איר ביז איצטיקער עקזיסטענץ איז דאָס, וואָס איר ווירקונג האָט זיך נישט באַגרענעצט אויף די קינדער און יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך דאָרט געלערנט, נאָר איז ארוים ווייט אי־בער די ווענט פון דער שול־געביידע.

ווען דער צוקונפטיקער היסטאָריקער פון דעם ערשטן פערטל־יאָרהונדערט פון דעם מזרח־איראָפּעאישן יידישן ישוב אין מעקסיקע וועט צוקומען צום קאַפּיטל „קולטור־לעבן און קולטור־פאַקטאָרן", וועט ער מוזן אָפּגעבן נאָר אַ בכבודיקן פּלאַץ דער ראָלע, וואָס די יידישע שול האָט אין דעם אויבן־דערמאָנטן צייט־אָפּשניט גע־שפּילט אַלס קולטור־פאַקטאָר אין מעקסיקאנער יידישן לעבן.

ס'איז קיין ספק נישט, אַז ער, דער צוקונפטיקער היסטאָריקער פון אונזער ישוב, וועט אונטערשטרייכן דעם פאַקט, אַז די קולטור־רעלע אויסשטראַלונג פון דער יידישער שול איז פאָרגעקומען אויף פאַרשידענע אויפנים, און אַז דירעקט אָדער אומדירעקט איז זי אָנ־געגאַנגען אָן אַן איבעררייס כמעט פון דעם ערשטן טאָג פון איר עקזיסטענץ.

דער צוקונפטיקער היסטאָריקער וועט שטיין פאַר דעם פאַקט אַז די יידישע שול איז טאָג איין, טאָג אויס געווען אַ פאַרשפּרייטערין פון דעם גלויבן פון די ברייטסטע מאַסן פון דער היגער יידישער באַ־פעלקערונג אין דער צוקונפט פון דער יידישער קולטור און אירע

ווערטן, און אַז די אויסשטראַלונג פון דעם דאָזיקן גלויבן איז גאַנץ אַפּט דערגאַנגען אויך צו יידישע ישובים אין אַנדערע לענדער, וועלכע האָבן אין דעם לעבן און אין דער אַנטוויקלונג פון דער שול גע־שעפּט מוט און אַקטיוון ווילן פאַרצוזעצן דעם קאַמף פאַר יידישער דערציאונג און יידישן קולטורעלן אויסלעבן זיך אויך אין זייערע אייגענע סביבות.

די יידישע שול וועט פון צוקונפטיקן היסטאָריקער באַטראַכט ווערן ווי אַ רעזערוואואַר פון וועלכן דער ווייט גרעסטער טייל פון היגן ישוב האָט געשעפּט אָפּטימיזם וועגן אונזערער גייסטיקער צו־קונפט דאָ, און במילא ווי אַ סטימולירנדיקער פאַקטאָר פאַר דער פאַרשטאַרקונג און פאַרטיפונג פון אונזער אייגענעם נאַציאָנאַלן באַ־וווסטזיין, ווי אויך פון דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין פון יידן פון אַנדערע מדינות.

געזען פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, הערט די יידישע שול אויף צו זיין אַ ריין לאָקאַלע אַנגעלעגנהייט, אַ ריין לאָקאַלע דערצי־אונגס־אַנשטאַלט, און איר באַדייטונג דאַרף געמאָסטן ווערן מיט אַ ברייטערן מאָסשטאַב. זי מוז אָנערקענט ווערן ווי אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט אין די לעצטע צוואַנציק יאָר אַ סך בייגעטראָגן צו דער אויפהיטונג און פאַרשטאַרקונג פון יידישן פאָלקסטום אויפן אַמערי־קאַנער קאָנטינענט, דינענדיק אַלס מוסטער פאַר יידישע ישו־בים אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין קאַנאַדע און אין גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע.

די קולטורעלע השפּעה פון דער יידישער שול איז אַזוי אַרום נישט קיין ריין־לאָקאַלע, באַגרענעצט בלויז צום מעקסיקאַנער יידנ־טום, נאָר אויך אַ קאָנטינענטאַלע. נאָכמער, אויך יידישע ישובים אין אייראָפּע, ספּעציעל אין פּוילן, האָבן מיט באַוווּנדערונג נאָכגע־פאָלגט דעם נאָכאַנאַנדיקן פּראָגרעס פון דער שול. מער ווי איין מאָל האָט מען געקענט לייענען אין דער אייראָפּעאישער יידישער פּרעסע באַגייסטערטע אָפּקלאַנגען פון דעם קולטור־שאַפנדיקן פּראָצעס, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דער פאַר זיי אַזוי ווייטער, עקזאָטישער מעקסי־קע. אין די שווערע, ביטערע צייטן, וואָס דאָס יידישע שול־וועזן אין פּוילן און אין ליטע האָט דורכגעמאַכט אין די דרייסיקער יאָרן, איז די עקזיסטענץ און וווּנדערבאַרע אַנטוויקלונג פון דער יידישער שול

אין מעקסיקע גאנץ אָפּט באַטאָנט געוואָרן אין די יידישע צייטונגען פון יענע לענדער ווי א טרייסטנדיקער פאַקטאָר, ווי אַן איינשפריצונג פון אָפּטימיזם וועגן דער צוקונפט פון דעם אייגענעם יידישן שול־וועזן; ווי א פאַקטאָר, וואָס פארשטאַרקט דעם גלויבן אין דער צו־קונפט פון דער יידישער קולטור אומעטום ווו יידן לעבן און ווילן ווייטער ציען דעם פאָדים פון נאַציאָנאַל־באַוווסטזיניקער עקזיס־טענץ.

אזוי ארום איז נישט קיין איבערטרייבונג צו באַהויפּטן, אַז די יידישע שול אין מעקסיקע איז אין די צוואַנציק יאָר פון איר ביז איצטיקן לעבן געווען א טרעגערין, פארשפּרייטערין און פארשטאַר־קערין פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, פון אוניווערסאַל־יידישע קולטור־ווערטן, פון גלויבן אין די דאָזיקע ווערטן, פון אָפּטימיזם וועגן דער צוקונפט פון דער יידישער קולטור. ס'איז אויך נישט איבערטריבן צו זאָגן, אַז מיט דעם דאָזיקן בטחון האָט זי אָנגעשטעקט א גרויסן טייל פון יידישע קולטור־שאַפער און בויער אין פארשידענע לענדער, סטימולירנדיק זיי ווי א קעגן־מיטל קעגן פּעסימיזם און אָפּהענטיקייט.

די סטימולירנדיקע ווירקונג פון דער יידישער שול אין מעקס־סיקע אַלס קולטור־פאַקטאָר, האָט זיך אזוי ארום געלאָזט פילן אין די ערשטע צוואַנציק יאָר פון איר עקזיסטענץ אין יידישן גייסטיקן לעבן, ביז א געוויסער מאָס, אויף א וועלט־מאַסשטאַב.

# משה ראָזענבערג ע״ה

א שטרענגער, אָבער גערעכטער ריכטער פון מענטשן און גע־שעענישן איז די צייט. ער איז אָביעקטיוו, ווייל נישט פארבונדן מיט קיין שום פּאסיאָנעלן מאָמענט פון דער אונמיטלבארקייט. אַלץ איז שוין אָפּגעזאָגט, אַלץ איז שוין אָפּגעטאָן. קיין שום זאַך קען נישט מער צוגעגעבן ווערן און גארנישט קען געמינערט ווערן. דאָס געשרי־בענע וואָרט און די פארקערפּערטע טאטן זענען לעבעדיקע, אומבא־שטרייטבארע עדות.

פון דער צווייטער זייט, שאפט די צייט פון זיך אליין וואָס אמאָל א גרעסערע דיסטאנץ, וואָס א מאָל א ברייטערע פּערספּעקטיוו. דאָס ווייניקער וויכטיקע, דער אָדער יענער נישט־וועזנטלעכער עפּי־זאָד אָדער דעטאל, ווערט פארטושירט, און דער בליק פון באָאָבאַכ־טער פאלט בלויז אויף דאָס, וואָס איז באמת וויכטיק, וועזנטלעך און כאראקטעריסטיש.

ווייניק מענטשן האָבן די פעאיקייט אָנצושטעקן זייער סבבה מיט ווילן צו שעפערישער טאט, און נאָך ווייניקער באזיצן אליין אָט דעם דאָזיקן ווילן אין אזא גרויסער מאָס, ווי דער אזוי אומזיניק־פּריצייטיק פארשטאָרבענער משה ראָזענבערג.

ווען איך דענק וועגן אים און וויל ארויסברענגען אין מיין גע־דעכעניש דעם אממערסטן כאראקטעריסטישן שטריך פון זיין גייס־טיקער פּערזענלעכקייט, טויכן אויף אין מיין געדאנק די ווערטער: א לעבעדיקער דינאמאָ.

בלויז זייענדיק אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון לעבנס־פּעאיקייט און שעפערישער ענערגיע, האָט ער געקאָנט באַווייזן אין עטלעכע יאָר זיך איינצושאַפן אין דעם יידישן ישוב אַזאַ שטאַרקע פּאָזיציע און אַזאַ גרויסן איינפלוס.

נאָר באַזיצנדיק אַזאַ קאָלאָסאַלע ווילנס־קראַפט, און אַזאַ זעל־טענעם אויסדויער, האָט משה ראָזענבערג געקאָנט באַווייזן אויפצו־בויען אין די שווערסטע באַדינגונגען די טריבונע פון אַ גאָר גרויסן טייל פון דעם מעקסיקאַנער יידישן ישוב: דעם „וועג".

עפּעס האָט ראָזענבערג געהאַט אין זיך פון יענעם אורשפּרינג־לעכן פּיאָנערן־גייסט, וועלכער צעבליט זיך ערשט רעכט דאַן, ווען די שוועריקייטן אויפן וועג צום ציל זענען גאָר גרויס. וואָס שווערער די סיטואַציע, אַלץ מער איז משה ראָזענבערג געווען אין זיין עלעמענט. ס'ווילט זיך כמעט זאָגן, אַז דער קאַמף פאַר דערגרייכונג איז ביי אים געווען נישט ווייניקער וויכטיק, ווי די דערגרייכונג אַליין.

אָבער נישט בלויז שעפערישע ענערגיע האָט דער פאַרשטאָר־בענער געהאַט אין אַ פולער מאָס, נאָר אויך דאָס, צו וועמענס דינסט די ווילנס־קראַפט און דער אויסדויער מוזן געשטעלט ווערן, בכדי צו קריגן אַ העכערן זין: שעפערישע פאַנטאַזיע.

ער האָט געהאַט וויזיע און שווונג. ער איז געווען באַשאָנקען פון דער נאַטור מיט פאַנטאַזיע, אָבער נישט פון דעם פּאַסיוון, ריין־קאָנטעמפּלאַטיוון טיפּ, נאָר מיט יענעם מין פאַנטאַזיע, וואָס איז די פאַרגייערין פון שאַפנדיקער, פרוכטבאַרער טאַט. ווען ער פלעגט זיך עפּעס אונטערנעמען, האָט ער נישט בלויז געהאַט די אַבסטראַקטע אידייע פון דעם, וואָס ער איז געגאַנגען טאָן, נאָר ער פלעגט עס זען מיט דעם גאַנצן ליכט און שאָטן־שפּיל, וואָס יעדע לעבנספּעאיקע זאַך פאַרמאָגט. דאָס איז געווען זיין וועג צום „וועג".

משה ראָזענבערג, איז געווען אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון שעפערישער ענערגיע, פון ענטוזיאַסטישן אויסדויער, פון קאַמפּס־לוסטיקער עקשנות. ווען מאַנכע פריינט, פאַר וועלכע ער האָט געהאַט פאַרטרויט זיינע פּלענער, האָבן זיי אויפגענומען ווי איינפאַלן פון עפּעס אַ ווילדן פאַנטאַסט, איז ער, אַן כעס און נישט אַנטמוטיקט, רואיק אַוועק, און מיט טאָטן זיין ענטפער געגעבן. אַזוי איז אַנט־שטאַנען גרעטץ'ס יידישע געשיכטע אויף שפּאַניש.

משה ראָזענבערג, איז געווען די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער פּיאָנערישקייט, וואָס איז אַזוי נויטיק פֿאַר אַ יונגן ישוב, און פֿון יענעם ענטוזיאַזם, וואָס זיגט איבער אַלע שוועריקייטן אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. הינטער דעם ליבלעך שמייכל, וועלכן מ׳האָט לייכט געקענט אָננעמען אַלס אויסדרוק פֿון קאָמפּראָמיסלעכקייט און נאָכגעביקייט, איז געווען פֿאַרבאַהאַלטן אַ פֿעלזן־פֿעסטער כאַראַקטער פֿון אַ מענטשן, וואָס איז געווען דער סינאָנים פֿון קאָמפּראָמיסלאָזיקייט. אומפֿאַרגלייכלעך אַלס פֿריינט און אומקאָמפּראָמיסלעך אַלס קעגנער, איז ער געווען מענטש דורך און דורך.

די נאַטור האָט אים געהאָט רייך באַשאָנקען מיט דעם, וואָס אין שפּאַניש רופֿט מען עס „דאָן דע כענטעס”. ער איז געווען האַרציק־צוגעלאָזן צו חברים און פֿריינט. נישט זייענדיק קיינמאָל לאַקריי־זיס, און נישט באַזיצנדיק קיין שום צירלעך־מאַנירלעכקייט, האָט ער אָבער שטענדיק געשאַפֿן אַ פֿריינטלעכע אַטמאָספֿערע. זיין איינגעבוירענער אָפּטימיזם און זיין שטענדיקע נייגונג צו זען דאָס גוטע אין זיינע מיטמענטשן, פֿלעגט „אָנשטעקן” די, וואָס זענען געקומען מיט אים אין באַרירונג. זיין שטענדיקע האָפֿנונגס־פֿולקייט פֿלעגט זיך איבערגעבן זיינע מיט־שפּרעכער. מ׳פֿלעגט שטענדיק אַוועקגיין פֿון אים מיט דער איבערצייגונג, אַז ווי שווער אָדער קאָמפּליצירט ס׳זאָל נישט זיין די דיסקוטירטע אָנגעלעגנהייט, וועט זי זיך שוין ווי עס איז „אויספּרעסן”.

שעפֿערישע פֿאַנטאַזיע און שעפֿערישע ענערגיע האָבן זיך צונויפֿגעשמאָלצן אין דעם פֿאַרשטאָרבענעם דינאַמישקייט, וועלכע, זייענדיק אין אים אַ נאַטירלעכער, אָרגאַנישער כאַראַקטער־שטריך פֿון אַ שטאַרק אויסגעשפּראָכענער פּערזענלעכקייט, האָט געשאַפֿן אַטמאָספֿערע צווישן אַלע, וואָס פֿלעגן קומען מיט אים אין זשורנאַליסטיש־שרייבערישן אָדער פֿריינטלעך־חבֿרישן קאָנטאַקט, און זיי אָנרעגן צו אַ שטאַרקערער און פֿאַרצווייגטערער אַקטיוויטעט.

אַ לעבעדיקער דינאַמאָ פֿון ווערטן — שאַפֿנדיקן ווילן איז געווען משה ראָזענבערג.

עטלעכע יאָר צייט אין גאַנצן. די דיסטאַנץ איז נאָך נישט גענוג גרויס, די פּערספּעקטיוו נאָך נישט גענוג ברייט, אָבער שוין

איצט איז קלאָר, אַז די פיגור פון משה ראָזענבערג ווערט מיט דער צייט נישט איינגעשרומפּן, נאָר פאַרקערט, זי קריסטאַליזירט זיך אויס מיט אַלע כאַראַקטער־שטריכן פון אַ באמת באַדייטנדיקער און ווערטפולער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט היסטאָרישע פאַרדינסטן פאַר אונזער יונגן ישוב.

# מאיר בערגער

1924. אַן ענגער צוויי־צימערדיקער לאָקאַל אויף קאָלאָמביאַ־גאַס. דאָרט האָט אָנגעהויבן אויף דעם מעקסיקאַנישן באָדן ווייטער זיך צו שפּינען דער גאָלדענער פאָדים פון יידישן לערנען און יידישן וויסן.

דאָרט האָט מאיר בערגער אָנגעהויבן זיין לעבנס־קאַריערע פון אַ בויער, אַ קאָנסטרוקטיוון טוער, וועלכער לאָזט אַלערליי פּלפּולים און האָר־שפּאַלטנדיקע דיסקוסיעס פאַר פּאַרטיי־טעאָרעטיקער אָדער אַנדערע אומקאָמפּראָמיסלעכע דאָגמאַטיקער.

אין יענע טעג, ווי קליין דער ביודזשעט איז נישט געווען, האָט ער געמאַטערט, אומברחמנותדיק געמאַטערט, און מער ווי איין שלאָפלאָזע נאַכט פאַרשאַפט.

אמת, שוין דאַן איז מאיר בערגער געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע איבערגעבענע טוער, וועלכע האָבן געהאַלטן די שולע טייער ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, און זיך צו איר באַצויגן מיטן גרעסטן רעספּעקט און טיפסטן צוטרוי. אָבער קליין איז די שול געווען, און גאָר קליינע זענען געווען אירע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן. אַליין נאָך גאָר פריש־געבאַקענע אימיגראַנטן, וואָס האָבן נאָך אפילו די מעקסיקאַנישע לופט נישט באַוויזן גוט אַריינצואָטעמען אין זיך, האָבן זיי געטאָן פאַר דער שול אפשר מער ווי די כחות האָבן זיי דערלויבט; אָבער קיין סך גרינגער איז פון דעם די לאַגע נישט געוואָרן. בלויז דער טיפער גלויבן אין זיין זאַך, און דער באַוווּנדערונג־

ווערטער אויסדרויער פון אים און פון זיי, האָבן די שולע דורכגע־
טראָגן דורך די שווערע יאָרן פון איר קינדהייט, די שווערסטע פון
איר עקזיסטענץ.

דאַן איז געקומען דער מאָמענט, ווען פון ערגעץ האָבן זיך אָנ־
געהויבן צו באַווייזן פאַר אים יענע ערשטע פייערלעך, וועלכע האָבן
געהאָלפן ארויסצופירן די שולע אויף דעםברייטן שליאַך פון שפּע־
מערדיקער באַרימטקייט אין דער גרויסער יידישער וועלט. ס'האָט
זיך באַוויזן אויפן האָריזאָנט פון היגן יידישן לעבן יענער איידעלער,
טיף־דענקענדער, האַלב אַסקעטישער מענטש, וועלכער איז ווי אַ מע־
טעאָר דערשינען אין אונזר געזעלשאַפטלעכקייט, און ווי אַ מעטעאָר
פון איר פארשוווּנדן: יוסף ווערנער.

עפּעס האָט ער אַריינגעטראָגן אין בערגערס גייסטיקן לעבן אַ
הייליקע עקשנות, אַ ווילן דורכצוברעכן אַלע שוועריקייטן. און אויב
עס האָט זיך ווען עס איז פריער געהאַט אַריינגעגנבעט אין זיין גע־
דאַנק דער קלענסטער צווייפל אין דעם דערפאָלג פון זיין זאַך, האָט
די געבענטשטע ווערנער־עפּאָכע אים אויף שטענדיק פארשלאָסן פאַר
יעדן מין סקעפּטיציזם. מוטיק און אַנטשלאָסן איז בערגער זינט דאַן
געגאַנגען דעם לעבן אַנטקעגן; אַנטקעגן די אַלע זיג־זאַגן, וואָס די אי־
מיגראַנטישע געזעלשאַפטלעכקייט, אַ לעבן פון אויסגעוואָרצלטקייט,
וואָס איז פאַרבונדן מיט נאָגנדיקע בענקשאַפטן, און אַ שטרעבונג זיך
איינצוואָרצלען, וואָס איז דער בויענדער אימפּולס, — האָט מיט
זיך געבראַכט.

מאיר בערגער איז געווען פעלזן־פעסט אין זיין איבערצייגונג,
אַז די יידישע שול דאָ מוז געפינען דעם מיטל־וועג צווישן די "סצי־
לאַס און כאַריבדאַס" פון די פּאַרטיי־דאָגמעס, אָדער זי וועט צוברע־
כען ווערן. ער האָט געזוכט דעם סינטעז צווישן די אַלע אני מאמין'ס,
וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פון דער אַלטער היים. ס'איז געווען
אָנגעשטרענגטע זוכעניש פון אַן אַנקער, צו וועלכן ער זאָל קענען
פאַרפעסטיקן אָט דעם דאָזיקן סינטעז אין די נייע באַדינגונגען פון
דעם סוב־טראָפּיק.

דערווייל איז דאָס לעבן נישט געבליבן שטיין אויף איין אָרט.
יידן האָבן אָנגעהויבן זיך דאָ איינצולעבן און צו לאָזן עקאָנאָמישע
וואָרצלען. און פּאַראַלעל צו דעם ביסלעכווייזדיקן זיך איבערציִען פון

כעסוס מאריא" צו „היפאָדראָמאָ, האָט געמוזט קומען דאָס איבער־ בייטן פון דעם שול־לאָקאַל פון „קאָלאָמביאַ" אויף „נאַראַנכאָ".

די שול איז געוואַקסן, און בערגער איז, גייסטיק און פּעדאַגאָ־ גיש, געוואַקסן צוזאַמען מיט דער שול. מיט איר וווּקס האָט ער אַלץ מער זיך אַליין געפונען. פעאיקייטן, וואָס האָבן אין אים געשלומערט; ענערגיע, וואָס איז געווען נישט אויסגעבערענט, זענען, מיט דעם פונאַנדערוואַקסן זיך פון דר שול, אַרויסגעקומען אין אים צו דער אויבערפלעך.

דאָס „טעמפּאָ" פון דעם יידישן עקאָנאָמישן לעבן איז געוואָרן אַלץ שנעלער, און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אויף דעם שול־ לעבן. בערגערס פליכטן זענען געוואָרן אַלץ גרעסער, און מיט אַ באַ־ וווּנדערנסווערטער פּרייזדיקייט איז ער זיי אַנטקעגנגעגאַנגען. וואָס שווערער די משאָ איז געווען, אַלץ לייכטער האָט ער זי געטראָגן, אַלץ אַ גרעסערע שאַפונגסלוסטיקייט האָט זי ביי אים אַרויסגערופן.

אַלס רעזולטאַט פון דער אַלץ גרעסערער פאַרצווייגטקייט פון דער שול, האָט זיך אין אים אַנטפּלעקט דער דיפּלאָמאַט, דאָס הייסט דער איבערגעבענער שול און קולטור־טוער, וועלכער באַזיצט די פע־ איקייט צו קאָנצענטרירן אַרום זיך עלעמענטן פון קעגנגעזעצטע ניי־ גונגען. ער האָט אַלס דירעקטאָר אַנטוויקלט אין זיך אַ עלאַסטישקייט, וואָס האָט זיך באַצויגן אויף ניואַנסן, קיינמאָל נישט אויף גרונט־ פּרינציפּן. ער האָט געלאָזט אַריינטייטשן אין דעם אינהאַלט פון דער שול די אָדער יענע איינצלהייט, אָבער איר פּרינציפּיעלע סטרוקטור האָט ער, מיט וואָרט און פען, פאַרטיידיקט ווי אַ לייב קעגן דער נישט פאַרשטענדעניש פון אייגענע און קעגן דעם בייזן ווילן פון פרעמדע.

און אָט שטייט ער, אַרומגערינגלט פון דער שטאַרק צוזואַקסענדער גרופּע שול־טוער און דעם גאָר גרויסן עולם פון עלטערן און געסט, ביי דעם לייגן דעם „גרונט־שטיין פון דער איצטיקער שול־געביידע אויף „סאַן לאָרענסאָ". אין זיין בליק איז געווען די ערנסטקייט פון דעם בויער, וועלכער איז אויפריכטיק צו זיך אַליין. „וועל איך זיין דערוואַקסן צו דער נייער אויפגאַבע?", האָט מען פון יענעם בליק געקענט אַרויסלייענען.

דאָס לעבן האָט באַוויזן, אַז יאָ. ער האָט דורכגעטראָגן די שול דורך אַלע שווערע טעג און קאָמפּליצירטע סיטואַציעס, וואָס האָבן

אומפּאַרטייִדלעך געמוזט קומען מיט דעם ריזיקן פאַרנעם און מיט דער אימפּעטיקער אנטוויקלונג, וואָס זי האָט געקראָגן. דאָס איז גע־ווען דער אנגעשטרענגטסטער, אָבער אויך דער גלענצנדסטער פּע־ריאָד פון זיין טעטיקייט. אָפטמאָל איז די לופט געוועזן ביז גאָר שווער; עס האָט אים ממש אָטעם גענומען. קליינלעכקייט, אינטריגעס, אלס רעזולטאַט פון קנאה און נישט פאַרגינען, האָבן זיך פאַרנומען אים דאָס לעבן שווער צו מאַכן, און אויב מעגלעך, אים צו עלימינירן. זיינע נישט פאַרגינער האָבן זיך גאַרנישט פאַרטראַכט וועגן די פאַ־טאַלע קאָנסעקווענצן, וואָס זייער „דערפאָלג" וואָלט געבראַכט פאַר דער אינסטיטוציע, וואָס האָט דערוויַיל אָנגעהויבן צו ווערן דער שטאָלץ און דער קולטור־אדרעס פון אונזער ישוב.

צום גליק פון דער שול האָט ער אין די געפערלעכסטע מאָמענטן געהאַט דעם פולן צוטרוי און די אומבאַגרענעצטע מאָראַלישע שטיצע פון דער פאַרדינסטפולער גרופּע שול־טוער, וועלכע איז, צוזאַמען מיט די יידישע לערער, ווי אַן אייזערנע וואַנט געשטאַנען הינטער אים, און מיט אים צוזאַמען דורכגעפירט די שול דורך די שטורעמדיקע וואַסערן.

צוואַנציק יאָר האָט מאיר בערגער צעמענטירט די יידישע שול, דעם גייסטיקן בנין, מיט וועלכן די יידן פון מעקסיקע און יידן פון נאָר דער וועלט זענען שטאָלץ. זיין ווערק איז זיין גרעסטער שבח. מיר זענען נאָך צו נאָנט צו דער אָפּגעטאָענער ארבעט, און עס פעלט נאָך אפשר די נויטיקע פּערספּעקטיוו. דערפאַר זעען נאָך נישט אלע מאיר בערגערס אויפטו אין דער ליכט פון זיין היסטאָרישער וויכטי־קייט. אָבער ווען ס'וועט אריבער א ביסל צייט און די פּערספּעקטיוו וועט זיך אויסברייטן, דאַן וועט פאַר אַלעמען זיין קלאָר, אַז מאיר בערגער איז א פונדאַמענטאַלע פיגור אין אונזער ישוב; א פּערזענ־לעכקייט, וועלכע דער צוקונפטיקער היסטאָריקער פון דער ערשטער געשיכטלעכער עטאַפּע פון דעם מעקסיקאַנער יידנטום וועט נישט קע־נען פאַרבייגיין, נאָר וועט זיך מוזן געבוי אויף איר אָפּשטעלן, וויל ער וועט אין איר דערקענען א קולטור־מענטש, וואָס האָט מיט קאָנ־קרעטע טאַטן פון דויערנדן ווערט איינגעקריצט זיין נאָמען אין דער געשיכטע פון די מעקסיקאַנער יידן.

# לידער פֿון סאָציאַלן צער און צאָרן

ווען מיט עטלעכע יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען צו שרייבן צום ערשטן מאָל וועגן דעם דיכטער יצחק בערלינער, זענען די גרונט־שטריכן פֿון דעמאָלטיקן פּעריאָד פֿון זיין שאַפֿן געווען אַ באַדייטנדיקע מוזיקאַלישקייט פֿון זיין פֿערז און אַ מאַקסימאַלע עגאָצענטרישקייט אין אינהאַלט, דערפֿירט צו אַן אמתן „איך"־קולט. אָבער שוין דאַן איז קלאָר געווען, אַז „זיינע טיפֿע „איך"־איבערלעבונגען שטערן אים אָבער נישט צו זען די וועלט, און אין זיין דיכטונג געפֿינען מיר גלייכצייטיק אַ רמז אויף סאָציאַלן אומרו, כאָטש דערווייל נאָך אין אַ בלאַסער פֿאָרם".

איצט, טרעט יצחק בערלינער פֿאַר אונז אויף מיט זיין בוך „שטאָט פֿון פּאַלאַצן", אין וועלכן מיר געפֿינען דעם דיכטער אין דער גאַנצער רייפֿקייט פֿון זיין טאַלענט. ס'האַנדלט זיך שוין נישט מער וועגן איינצלנע עסקיזן פֿון אַ יינגן פּאָעט, וואָס זוכט נאָך דעם וועג צו זיך. נאָר וועגן אַ דיכטער, וואָס האָט ענדלעך געפֿונען דעם גרונט־טאָן פֿון זיין אינספּיראַציע; וואָס האָט אויסגעזונגען זיין לייט־מאָטיוו און וועמענס צוקונפֿטיקע שאַפֿונגען קענען בלויז זיין וואַריאַציעס אויף דער גרונט־טעמע פֿון זיין פּאָעזיע.

וואָס איז דער דאָזיקער לייט־מאָטיוו?

אין בערלינערס בוך פֿאַרשווינדט דער עגאָצענטרישער מאָמענט כמעט אינגאַנצן. מיר געפֿינען דאָרט נישט מער דעם „איך"־קולט, וואָס האָט זיך אַזוי געהאַט פֿאַנאַנדערגעשפּרייט אויף די זייטלעך

פון זיינע לידער אין די „דריי וועגן"; נישטאָ דאָ די ספקות און גריב־לעניש[ן], יענע קאָקעטעריי מיט טרויער־שטימונגען, וואָס אַ סך יונגע פּאָעטן באַטראַכטן אַלס חוב, וואָס זיי מוזן אָפּצאָלן דער מוזע. אין זיינע געדיכטן באַווייזן זיך שוין מער נישט קיין „שוואַרצע ליליעס" און אויף זיינע אקסלען הענגען שוין מער נישט קיין „שטיקער גרוי".

אויף וויפיל מיר קענען אורטיילן פון זיין איצטיקן בוך וועגן דעם דיכטערס שטימונגען אין באַציאונג צו זיין פּערזענלעכן לעבן, געפינען מיר אים צופרידן און גליקלעך. ער איז פולשטענדיק איינ־געוואקסן אין די נייע סביבה, וואָס איז אַמאָל פאַר אים געווען אַזוי ווילד פרעמד, און כאָטש ער האָט נאָך מאָמענטן ווען —

„איז וואָלט נאָך זען כאָטש געוואָלט ווי סילויפן אום די קינדערלעך
און גרויסע שטיקער קוילן שניי וואַרפט איינער אויפן אַנדערן.
און כאָטש דער פרילינג אייביקט און ס'איז אַלץ דאָ אַזוי ווונדערלעך,
ווילט זיך וואַנדערן".

זענען זיי אָבער נישט מער ווי ווייטע אָפּקלאַנגען פון אַ שוין כמעט אינגאַנצן אויסגעוועפּטער בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים מיט אירע נאַטור־פּייזאַזשן. אַ סך מער איז אין דעם דיכטער איינגע־וואָרצלט דער געפיל, אַז זיין פּערזענלעכער לעבן אין מעקסיקע באַ־שטייט פון „ליכטיקע טעג". אין פּרעכטיק־ריטמישע פערזן, וועלכע זענען טיפּיש פאַר דעם מוזיקאַלישן שפּראַך־געפיל, וואָס לעבט אין אַ סך פון זיינע געדיכטן, איז זיך דער דיכטער מיט צופרידנקייט מודה, אַז זיין פרייד האָט ער „אין טראָפּישן לאַנד דאָ געפונען":

„ס'איז דאָס זוניקע לאַנד דאָס מיר נאָענט און אייגן
מיט די באַרגיקע לאָנקעס די וועלדער און גראָזן —
כיהאָב ערגעץ מיין יוגנט אַ גרויע געלאָזן
אינם עבר אין וייטן אויף ווילד פרעמדע וועגן.
און כאָטש איך בין דאָ נישט געכאָוועט, געבוירן
האָב איך ליכטיקע טעג דאָ און ס'יהעלט מיר דער מאָרגן
און מיין אומעט איז ערגעץ געגאַנגען פאַרלוירן"

אויב אָבער מיר געפינען דאָך אַזוי פיל אומעט אויף די זייטן פון בערלינערס „שטאָט פון פּאַלאַצן", איז עס נישט קיין אומעט פון אַן ענאַצענטרישן מעלאַנכאָליקער און אויך נישט קיין אויסדרוק פון בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים. דער דיכטער אַליין זאָגט וועגן זיך: „מיין היים אין דער פרעמד ווערט מיר ליב דאָ אין נאָנט".

דער אומעט וואָס ווייעט פון דער גרעסטער צאָל לידער אין „שטאָט פון פּאַלאַצן" איז נישט קיין פּערזענלעכער, נאָר אַ סאָציאַ־לער. יצחק בערלינער, דער דיכטער, איז שטאַרק אויסגעוואַקסן, סיי אין דער ברייט, סיי אין דער טיף. דאָס, וואָס ס'האָט אַמאָל פיגורירט אין זיין פּאָעזיע בלויז אַלס רמז, פאַרנעמט איצט אין זיין שאַפן דעם אויבנאָן.

אויסער דעם אויג וואָס זעט און דעם אויער וואָס הערט, געפי־נען מיר אין בערלינערס בוך אַ האַרץ וואָס פילט און וויברירט מיט טיף־מענטשלעכער סימפּאַטיע צו די אַלע וואָס שאַפן סיי דאָ אין מעקסיקע („טעפּיטאָ"), סיי אומעטום אין דער גאַנצער וועלט, דעם טרויעריקן קאָנטראַסט צו די פּאַלאַצן.

בערלינער איז אין זיין בוך דער זינגער פון סאָציאַלן אומעט נישט בלויז אין דער „סיודאַד דע לאָס פּאַלאַסיאָס". דער נאָמען „אין שטאָט פון פּאַלאַצן" דאַרף נישט גענומען ווערן אין לאָקאַלן זין, נאָר אין אַ מער ברייטערן און אוניווערסאַלן. דערפאַר אויך פאַרנעמט דער לאָקאַל־מעקסיקאַנישער קאָלאָריט אין דעם בוך נישט דעם הויפּט פּלאַץ און ציט נישט אין אַזאַ גרויסע מאָס אונזער אויפמערקזאַמ־קייט. כאָטש די מענטשן, וועלכע ער ווייזט אונז, זענען לעבעדיקע, פול־בלוטיקע אינדיווידן מיט אַ לאָקאַל־מעקסיקאַנישן כאַראַקטער אויפן הינטערגרונט, וואָס ס'מאַכט דעם בוך קינסטלעריש־ווערטפול, — פאַרקערפּערן זיי אָבער גלייכצייטיק דאָס אַלגעמיין־כאַראַקטעריסטי־שע פון סאָציאַלן קומער, פון סאָציאַלער נויט און עלנט, און ווערן טיפּן: „אויף דער זייט ים" פּונקט ווי אויף יענער זייט „איז דער מאָרגן פאַרנעפּלט און וויסט" און ס' —

„ווייגען קינדער אין שטומען געבעט,
פאַלן מענטשן פון הונגער פאַרשמאַכט"

אין די פּרעכטיקע פערזן:

„שטאָט פון פּאַלאַצן, דו שטיינערנער קאַסטן
געריגגלט אין טאָל מיט אַ באַרגיקער קייט,
דיין ייִנגעווייד פול איז מיט ווילדע קאָנטראַסטן
פון עלנט און הונגער און זעטיקער פרייד" —

האַנדלט זיך עס נישט בלויז פון מעקסיקע, וואָס איז „געריגגלט אין טאָל מיט אַ באַרגיקער קייט", זיי קאָנען זיך אויך באַציען אויף יעדע מאָדערנע שטאָט, אומאָפּהענגיק פון דעם צי זי געפינט זיך אין אַ טאָל, אויף אַ פּליין, צי אויף אַ באַרג. דעם דיכטערס ווערטער אין דעם הערלעך־שיינעם ליד „קאָנטראַסטן" זענען אַן אַלגעמיינער באַשולדיקונג־אַקט קעגן דעם גייסט פון סדום, וואָס הערשט אין דער מאָדערנער, פון קאַפּיטאַליזם באַהערשטער שטאָט:

„אָ, שטאָט פון פּאַלאַצן דו עלנטקייט־טרעגער! —
סיהאָט משאָ אויף פּלייצעס ביי דיר זיך געמערט...
האָסט מענטשן, וואָס שלאָפן אויף ווייכן געלעגער,
נאָך מערער — אויף בעטן פון מיסטיקער ערד"...

בערלינער נוצט אין אַ סך פון זיינע געדיכטן מיט אַ ברייטער האַנט דעם לאָקאַל־מעקסיקאַנישן סביבה־קאָלאָריט. דאָס טוט ער אָבער נישט אוים נייגונג צו באַשרייבונג בלויז צוליב באַשרייבונג. ער נוצט אים בלויז אוים כדי נאָך מער אונטערצושטרייכן די הימל־שרייענדיקע אומגערעכטיקייט פון סאָציאַלן עלנט. ווו, ווו, אָבער דאָ אין מעקסיקע, ווו די גאַנצע נאַטור לאַדט, רופט זיך, איין דעם מענטשן צו לעבן שיין און גליקלעך; ווו דער קלימאַט שאַפט שטענדיקע יום טובדיקייט, האָט דאָך דער מענטש געוויס נישט געדאַרפט וויסן פון הונגער און נויט. וועקט זיך טאַקע אין אונז שטאַרקער דער געפיל פון סאָציאַלן פּראָטעסט, ווען אויפן הינטערגרונט פון מעקסיקאַנישן פּייזאַזש, ווייזט אונז דער דיכטער ווי

„די פעלדער פולע מיט מאַיס זיך זעטנדיק
און זאַנגען שטייף און שטאָלץ נאָך נישט געשניטענע —

און קינדער קליינע לעכצן, וויינען, בעטנדיק:
— ברויט אַ שטיקעלע... ברויט אַ שטיקעלע..."

— 2 —

„ס'איז ברייט די וועלט, נאָר ס'איז דעם מענטש דאָ אַזוי ענג און קליין"
דאָס איז פּאַקטיש די גרונט־טעמע פון בערלינערס בוך. די דאָ־זיקע טעמע איז אַלגעמיין, און אירע וואַריאַציעס געפינען מיר פּונקט אַזוי אויף סמאָטשע גאַס אין וואַרשע ווי אין ניו־יאָרקער „באַוערי" אָדער אין מעקסיקאַנישן „טעפּיטאָ". זיין אָריגינעל אין באַהאַנדלען זי, הייסט דעריבער נישט זיין פאַרנעפּלט־סענטימענטאַל און קלאָגע־ריש, נאָר אומגעקערט: זיין אויפריכטיק, אויסדריקן דאָסווירקלעך דורכגעפילטע און מאָלן דאָס באמת געזעענע. דער עיקר — מאָלן, דערציילן אין בילדער, ווירקן דירעקט אויף אונזער האַרץ און פאַנ־טאַזיע: אונזער אינטעלעקט וועט שוין אַליין אריינגעצויגן ווערן, און דער איינדרוק וועט זיין אַ פולער און מעכטיקער.
בערלינער האָט די פעאיקייט איבערצוגעבן אונז זיינע אויפ־ריכטיק דורכגעפילטע און דורכגעוויטיקטע אימפּרעסיעס אין קורצע, אניידרוקספולע בילדער.

„געזען כיהאָב: — אַ האַנט האָט געריסן פון וואַנט די אפישן,
געלייגט זיי אויף קאַלטע און בלאָטיקע שטיין־טראָטואַרן;
געטוליעט זיך מענטש מיטן הונט אויף פאַפּירענעם קישן"

אָט די דאָזיקע לאַקאַנישקייט, די דאָזיקע שפּאָרזאַמקייט אין ווערטער ווירקט אויף אונז שטאַרקער ווי וועלכע ס'איז רעדע, וואָס איז באַפּוצט מיט אָראַטאָרישע פליטערלעך פון מעטאַפאָרעס און אַנ־דערע ליטעראַריש־רעטאָרישע פיגורן. פון קינסטלעריש־מאָלערישן שטאַנדפּונקט איז פיל שווערער צו געבן אַ פולבלוטיק בילד דורך בלויז עטלעכע שטריכן, ווי צו פאַרנוצן אַ גאַנצן לייוונט.
דער לעצטער פערז איז כאַראַקטעריסטיש נישט בלויז אַלס אַ ביישפּיל פון בערלינערס טאַלאַנט צו מאָלן מיט אַ צימצום פון אויס־דרוקס־מיטלען. ער אַנטהאַלט אויך אַ פאַראַלעל, וואָס דער דיכטער

באנוצט מערערע מאָל אין זיין בוך: צווישן דעם דאכלאָזן מענטשן און דעם הימלאָזן הונט. ער גייט נישט אויף דעם אויסגעטראָטע־נעם וועג פון מאָלן פאר אונז דעם קאָנטראַסט צווישן אָרים און רייך, כדי די אָרימקייט זאָל זיך פאר אונז באווייזן אין איר גאנצער טראַ־גיק; ער ציט ליבערשט א פאראלעל צווישן דעם דאכלאָזן מענטשן, וואָס האָט גאָרנישט און קיינעם נישט אויף דער וועלט, און דעם פארוואָרלאָזטן הימלאָזן הונט. —

„און ביידע געחלומט: — זיי גריזשען פארוואָרפענע ביינער
ביים מיסטקעסטל דאָרט, ביי פאָרכמורעטע גרויע פּאָוארן —
אַ חלום פון הונגער אויף קאלטע און בלאָטיקע שטיינער..."

דער דאכלאָזער מענטש און דער הימלאָזער הונט, זיין שיק־זאלם חבר, האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין דעם מענטשלעכן גע־וויסן פון דעם סענסיטיוון קינסטלער. ס'איז אים שווער זיך צו בא־פרייען פון דעם דערדריקנדיקן איינדרוק, וואָס זיי מאַכן אויף אים. און נאָכאמאָל און ווידעראמאָל קומט ער צוריק צו דער דאָזיקער טעמע, ווי יעדער אמתער דיכטער ווייסט בערלינער, אז דער איינצי־קער מיטל זיך צו באפרייען פון א קאָשמאר איז אויסצודריקן אים קינסטלעריש אין אַלערליי מעגלעכע וואריאנטן. לייענען מיר טאקע:

„און וויט דאָרט, הינטער שטאָט, אויף גרויען שטויב און שטיין,
דאָרט שפרייזט ארום די נאַכט אויף שלאָפנדיקן דלות
און לייגט איר ביינערהאנט אויף פינסטערע באקאלעס —
דאָרט בילן דאָרע הינט מיט שטומפּיקן געוויין...
און טרגעץ שטייט אַ מענטש און רייסט פון וואַנט פּאַפּיר,
וואָס דינט אים פאַר אַ דעק אויף שטיינער האַרטע, רויע,
אַזעלכע אומעטום זיך שארן שאָטנס גרויע."

דער דיכטער פאָלגט נאָך די געשטאלטן פון די עלנטע און פאר־אומערטע טיפּן פון סאָציאָלן אָפּגרונט אויף זייער גאנצן לעבנסוועג, און ווייל ער איז אויפריכטיק, געפינט ער, אז אפילו זיי האָבן אויך מאנכע מאָמענטן פון ליכט אין זייער שטענדיק פארפינסטערטער עקזיסטענץ: אז כאָטש

„ווען דו ביזט געבוירן, קינד מיינס פון די קויטן,
האָט דיך שוין דער עלנט צו זיין ברוסט געקלאַמערט,
און ביי חורבה־הייזלעך און ביי גרויע פלויטן
האָבן הינט פאַרדאַרטע אויף דיין גליק געיאָמערט."

ווייסט אויך דער דאַזיקער אומגליקלעכסטער צווישן אַלע פאַר־יער פון מינוטן און שעהן פון טיף־מענטשלעכן גליק. פון אַלץ האָט אים די געזעלשאַפט באַרויבט, אָבער דאָס ריין ביאָלאָגישע, פון דער נאַטור אַליין געשענקטע, קאָן ביי אים קיינער נישט צונעמען. און מעג דאָס בעט אים זיין „די הוילע פייכטע ערד".

וואָס פעלט אַ מענטש אַזאַ וואָס האָט דערנעבן ס'אייגן ווייב
צו קאָנען טיילן זיך מיט רגעס פרייד אויף מיסטגעלעגער?"

מיט טיפער פּאָעטישער אינטואיציע האָט בערלינער אויפגעכאַפּט די דאָזיקע מאָמענטן פון אינטימען גליק, וואָס ס'לעבט איבער דער דאָזיקער פּאַריער „אַ נעגאַטיוו פון מענטשנגעשטאַלט". אים אַרט נישט „די קילע לופט — אַ צודעק פאַרן גליענדיקן לייב; ער פאַר־געסט, דער אומגליקלעכער, די שווערע, ביטערע משא פון זיין עקזיס־טענץ. ער איז אַ טייל פון קאָסמאָס און גיסט זיך מיט אים צו־זאַמען. —

„וואָס אַרט אים, אַז דער קאַלטער ווינט ער שרייט אַזוי און יאָמערט
אַז נאַכט די שוואַרצע הילט אים, ווי אַ מאַמע הילט אַ קינד? — —
עס מעג אַפילו רייסן שטיקער פון זיין שטוב דער ווינט,
ווען ס'גליק איז אַזוי נאָענט צום לעכצנדיקן לייב געקלאַמערט — —
ס'האָט נאַכט אים הייסע שעהן אויף זיין קערפּער אויסגעהאַמערט,
אַז ווילדער גורל האָט שוין אויך קיין שליטה נישט אויף אים."

אָבער אויסער דעם דאָזיקן ביסל ריין ביאָלאָגיש־פיזיאָלאָגישן גליק האָבן די מענטשן, וואָס מיר געפינען אין בערלינערס „שטאָט פון פּאַלאַצן", גאָרנישט אויף דער דאָזיקער ברייטער וועלט. זייער לעבן איז אַ שטענדיקעס וועגעטירן. עס ציען זיך טעג און עס „שלעפּן שעהן זיך אומעטיק־גרווילעכע"

„און יעדע שעה וואָס קומט און גייט אַוועק איז אויסגעליידיקט
ווי ס'איז די ערד די נאַקעטע אויף שטויביק־לעכערדיקער גאַס."

ס'קומט אָן די עלטער. נאָך „אַ לעבן אָן פרײדן, אַ לעבן אָן האָפן" ווי ניקיטין האָט געזונגען. אין אַ פּרעכטיקן געדיכט, איינעם פון די שענסטע אין דעם בוך, מאָלט אונז דער דיכטער דעם פּאַריער, וואָס פאַרענדיקט שוין זיין גרוי־פריידלאָזע עקזיסטענץ:

„כיבאַטראַכט דאָס פּנים פון דעם גרויען אלטן
אַ צייכן יעדער קנייטש פון יאָרן שווערע...
וויפל עלנט האָט ער זיך באַהאַלטן
אין זיין אויסגעדאַרטער ברוסט דער לערער?...

און פאַרוואָס האָט ער — וואָלט איך אים פרעגן —
פרייד־חלומות נישט געקאָנט דערווערבן?...
וויפל האָט ער אויסגעמאָסטן וועגן
אין זיין חרובדיקן לאַנגן לעבן?..."

אין איין ווינקל בלויז פון דעם לעבן פון די ליידנדיקע מאַסן האָט דער דיכטער אריינגעקוקט, און וואָס ער האָט געזען, האָט ער אונז געמאָלן מיט איינפאַכע מיטלען און מיט טיף אריינדרינגנדיקער אינטואיציע. די געשטאַלטן זענען גענומען פון דער מעקסיקאַנערווירקלעכקייט, אָבער ס'וועלן זיך אין זיי דערקענען די סאָציאַל־עלנדסטע פון אַלע לענדער און קאָנטינענטן.

צו דעם גורל פון אָט די אַלע „דערנידעריקטע און באַליידיקטע" איז דער פּאָעט נישט בלויז גלייכגילטיק, נישט בלויז וויטיקט ער מיט זייער פּיין; עס ברויזט אין אים פּראָטעסט, ער וואַרט אויף אַ טאָג —

„וואָס זאָל לייטערן שטאָט פון די גרויליקע, ווילדע קאָשמאַרן."

ער ווייס אָבער, אַז כדי דאָס זאָל געשען, זענען נישט גענוג די גוטע ווונטשן פון דעם יחיד און אַז נישט דורך פּאַסיוון וואַרטן קאָן עס דערגרייכט ווערן.

„ווען עס וואָלט נאָר אין מיר זיין געוועגדט,
כ׳וואָלט צעהאַקט יעדן אייזערנעם פרענט
פון די שפּייבלערס געשטאָפּטע מיט זעט

ווען ס׳וואָלט נאָר אין מיר זיין געוועגדט,
וואָלט איך וועלט, ווי אַ שמאַטע, פאַרברענט
אין איר אייגענער אייביקער זינד."

דער איינצלנער קאָן דאָ אָבער גאָרנישט אויפטון. דערפאַר איז דעם דיכטערס ווענדונג שוין נישט מער „דו", נאָר „איר", און ענד־לעך הערן מיר זיין דרייסטן רוף:

„שניידט אדורך זיך דורך וועגן אַ וועג!
ס׳האָט די וועלט אייערע לעבנס געשענדט — —
טאָ צו וואָס האָט איר קרעפּטיקע הענט?"

יעדער ווירקלעך־טאַלאַנטפולער פּאָעט האָט זיך זיין פּריזמע, דורך וועלכער ער זעט און באַטראַכט וועלט און מענטש.

אין „שטאָט פון פּאַלאַצן" האָט ער זיך צוגעקוקט צום טראַגישן קאָנטראַסט פון „טעפּיטאָ". צו די פּאַלאַצן, און אים אונז געוויזן אויף אַ גרויסאַרטיק־אייגנאַרטיקן אופן, וואָס מאַכט זיין בוך פאַר אַ ווערטפולן בייטראָג צו דער מאָדערנער סאָציאַלער פּאָעזיע אין יידיש.

# פּאַרוואָס נראד „טעפּיטאָ"

אין א געשפּרעך מיט קאָלעגן וועגן יצחק בערלינערס „שטאָט פון פּאַלאַצן", איז מיר אויסגעקומען צו הערן די פאָלגנדיקע סאַר־קאַסטישע באַמערקונג:

„קיינער האָט חס ושלום נישט קיין טענות צו יצחק בערלינער פאַרוואָס פון אַלע טעמעס האָט ער אויסגעקליבן צו שרייבן נאָר וועגן „טעפּיטאָ" און אַנדערע מקומות פון מעקסיקע, פּונקט ווי ער וואָלט געשטאַנען אויסערהאַלב דעם יידישן לעבן..."

נישט פאַרשלייערטערהייט זענען די דאָזיקע ווערטער אַ פאַר־וואורף דעם פּאָעט פאַרוואָס ער האָט נישט אויסגעקליבן אַ יידישע טעמע און גלייכצייטיק אַ פעסטשטעלונג, אַז שרייבנדיק אויסשלים־לעך וועגן „טעפּיטאָ" און „אַנדערע מקומות פון מעקסיקע", שטייט דער פּאָעט אויסערהאַלב דעם יידישן לעבן.

ס'איז דעריבער נישט אומאינטערעסאַנט צו אַנאַליזירן דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט און זען צי איז ער אויסגעהאַלטן, אָדער ער צעפאַלט זיך ווי אַ קאָרטן־הייזל ביים ערשטן באַריר פון אַ קריטישער באַטראַכטונג.

יעדע עכטע פּאָעטישע שאַפונג האָט אויסער איר עסטעטישן ווערט, אויך דעם ווערט פון אַ קולטורעלן אויפטו. זי באַרייכערט אַזוי אַרום אין אַ געוויסער מאָס די קולטור פון דעם פאָלק, אויף וועמענס שפּראַך זי איז געשריבן געוואָרן. יעדער באַדייטנדער קולטור־אויפטו אויף יידיש באַרייכערט די יידישע קולטור. אַ גרויס פּאָעטיש

ווערק אויף יידיש, זייענדיק אַליין אַ קולטורעלע דעראָבערונג, איז דעריבער זעלבסטפאַרשטענדלעך אַ באַדייטנדער ביישטייער צו דער יידישער קולטור.

אויב מיר נעמען אָן, אַז בערלינערס בוך „שטאָט פון פּאַלאַצן" איז אַ פּראָדוקט פון אַן אויטענטישער געפילן — און פאַרשטעלונג־וועלט, די פרוכט פון אמתער אינספּיראַציע, בלייבט בלויז איבער צו אַנאַליזירן די טענה, פאַרוואָס בערלינער האָט גראָד אויסגעקליבן „טעפּיטאָ" און אַנדערע מקומות פון מעקסיקע, פּונקט ווי ער וואָלט געשטאַנען אויסערהאַלב דעם יידישן לעבן..."

צוויי שטאַנדפּונקטן זענען מעגלעך ביים צוגיין צו באַטראַכטן אַ ווערק פון אַ יידישן דיכטער, געשריבן אין יידיש. דער ערשטער, אַ מין סאָרט צוואַנג־העמדל, פאַרלאַנגט פון דיכטער, אַז ער זאָל בלויז זען דאָס יידישע לעבן און דאָס אויך דורך „יידישלעכע" ברילן. דער דאָזיקער צוגאַנג איז אויפן ליטעראַריש־קריטישן געביט אַן אויס־ווּוקס פון דעם באַקאַנטן אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט ביים באַטראַכטן וועלט און מענטשן: „איז עס גוט פאַר יידן?"

דער צווייטער שטאַנדפּונקט, וואָס איז מער עלאַסטיש און אַ פּיל ברייטערער שליאַך, פרעגט ביים דיכטער: „וואָס האָט דיין פאַר־שנדיק אויג באַמערקט אין דיין אומגעבונג אַזעלכעס, וואָס מיר, גע־וויינלעכע, שטערבלעכע זעען אויך און באַמערקן אָבער נישט? וואָס אַזוינס האָסטו עמאָציאָנעל איבערגעלעבט און וויזיאָנעריש דורכגע־בליקט ביי דעם אַלעם? דערצייל עס אונז אין דיינע לידער; מאַך אויך אונז עס צו זען און זאָלן אויך אונזערע הערצער אויפציטערן אין אוניסאָן מיט דיינעם".

דער דאָזיקער צוגאַנג פאָדערט נישט ביים דיכטער קיין חשבון פאַר דעם אויסוואַל פון זיין טעמע און באַטראַכט נישט שיעור ווי אַ נאַציאָנאַלן פאַראַט דעם פאַקט, וואָס דער פאָעטס מוזע איז באַווירקט געוואָרן דורך דערשיינונגען פון דעם נישט־יידישן לעבן. ער שטעלט דעם טראָפּ אויף די אַלמענטשלעכע וויכטיקייט פון די באַרירטע דער־שיינונגען אָדער טאַטן. זיי קאָנען זיין נאַציאָנאַל, זיי קאָנען אויך זיין סאָציאַל, אָבער שטענדיק מוז זייער אינהאַלט זיין אַזאַ וויכטי־קער, אַזאַ אוניווערסאַלער, אַז אויך ביי איבערזעצונג אין אַן אַנדער שפּראַך זאָל דער קערן פון דער דיכטונג זיך נישט פאַרלירן, און אַז

אויך וווּנדיק געלייענט דורך מענטשן פון אַנדערע קולטור־פעלקער, זאָל דאָס ווערק זיי באַרוישן מיט דעם עכטן ווײַן פון ווירקלעכער דיכטונג.

אונזער צוגאַנג צו פּאָעזיע דערלויבט אונז צו אַנטציקן זיך מיט יהודה הלוים „ים־לידער“ אין יידיש נישט ווייניקער ווי אין העברע־איש. מיר מאַכן נישט דעם גרויסן דיכטער שאול טשערניכאָווסקי, וועמענס שאַפונגען זענען אין זייער גרעסטער מערהייט דורכגעדרונ־גען מיט אַ ריין העלעניסטישן גייסט, קיין פאָרוואורפן, אַז „פּונקט ווי ער וואָלט געשטאַנען אויסערהאַלב דעם יידישן לעבן“.

ס'פאַלט אונז אויך נישט איין צו דענקען, אַז פּושקינס וווּנדער־באַרע פּאָעמע „ציגײַנער“ איז אַן אָפּנייג פון זײַן אָריגינעלן רוסנ־טום. פּונקט אַזוי וואָלט פאַר אונז געווען אומזיניק צו גלייבן, אַז לאָנגפעלאָ, דער אומשטערבלעכער דיכטער פון דער „האיאַוואַטאַ“ האָט זיך ווייניקער פאַרדינסטפול געמאַכט פאַר דער אַמעריקאַ־נער פּאָעזיע דערמיט, וואָס ער האָט פאַרהערלעכט דאָס לעבן פון די אינדיאַנער.

מיט דער זעלבער „לאָגיק“, וואָלט מען אויך געקאָנט באַהויפּטן, אַז פּיער לאָטי, וועמענס אומשטערבלעכקייט באַשטייט גראָד אין זײַ־נע פּאָעטישע באַשרייבונגען פון אינדיע און יאַפּאַן, איז „פּונקט ווי ער וואָלט געשטאַנען אויסערהאַלב דעם פראַנצויזישן לעבן“. און פאַרוואָס טאַקע נישט באַהויפּטן — אַלץ מיט דער זעלבער „לאָגיק“ — אַז לייוויקס דיכטונג „אבעלאַר און עלאָיז“ האָט אויך נישט, פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם נאַציאָנאַל־היסטאָרישן מאָמענט. קיין באַרעכטיקונג, ווײַל עס איז נישט יידיש־אַקטועל?...

# אימיגראנטישע שטימונגען און דיכטערישע אקלימאטיזירונג

ווען יעקב גלאנץ האט באטראטן די מעקסיקאנישע ערד, איז אים שווער געווען זיך איינצולעבן אין ווילד־פרעמדער פאר אים אטמאספערע, און שוין אין די ערשטע לידער, וואס ער האט דא גע־שריבן, וועלכע זענען אויך זיינע ערשטע לידער אין יידיש, דריקט ער אויס די דאזיקע אומצופרידנהייט.

ער איז געקומען אהער א באווירקטער פון דער רוסישער ליי־טעראטור, און דאס יידיש לשון האט אים נאך, ווי א דיכטערישער אויסדרוק־מיטל, געקלונגען אביסל פרעמד. ער האט נאך געאטעמט מיט דער דיכטערישער לופט פון אלעקסאנדער בלאק, סערגיי גא־ראדיעצקי און אנדערע רעפרעזענטאטיווע דיכטער פון דעם „פאר אקטאבער" און דעם „אקטאבער" אין דער רוסישער ליטעראטור. ער האט געשריבן יידיש, אבער אין זיינע לידער האט מען נאך געקענט פארנעמען א סך רוסישע אונטערטענער.

אין יענע לידער האט זיך גלאנץ געקלאגט:

„דא זענען טעג אזוינע לעבלעך־ווארעמע
און פראסט האט דא נאך קיינמאל נישט געבליט
עס ווייען נישט קיין ווינטן זאווערוכיקע
און שניי האט דא אויך קיינמאל נישט געשיט.

מיין האַרץ פאַרגליווערט דאָ און צאַפּלט נישט,
ווי וואַסער שטייענדיק פאַרפרירט —
עס גליט די זון אָט־דאָ, נאָר פאַקלט נישט,
אויף וועגן זוניקע נישט פירט. —
די זון אָט־דאָ נאָר שפּילט זיך אין באַהעלטעניש,
גייט אויף אַ האָפענונג אַ וואַרעמע — צעריננט. —
דערפאַר צו איר מיין גאַנצענע פאַרהעלטעניש
נישט מער ווי צו אַ לייבטזיניקן קינד. — —

דאָס זענען די ווייטיקן פון דעם דיכטער, וועלכער איז פיזיש אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זיין היים־לאַנד, און דאַרף זיך, גייסטיק, איינוואָרצלען אין אַ נייער סביבה.

שווער איז אים זיך צוצופּאַסן. דער מענטשן־פּייזאַזש דאָ איז אַזוי אַנדערש. דאָס נייע דאָ באַפרידיקט אים נישט, און די נאַטור, מעקסיקעם גלאַנץ און פּראַכט, וועלכע ער וועט שפּעטער אַזוי אַזוי טיף פילן, זאָגט אים נאָך גאָרנישט. נישטאָ דאָ די קלימאַטישע קאָנטראַסטן, וואָס דער דיכטער האָט געגאָסן אין דער אַלטער היים. ס'איז אים דאָ שווער דאָס לעבן.

אָבער דאָך דאַרף מען, מוז מען זיך איינלעבן אין דער נייער סביבה. מ'מוז זיך צוגעוווינען צום היגן מענטש און צו זיין לעבנס־ריטם. אויך די נאַטור מוז פאַר אים ווערן ווייניקער עקזאָטיש־פרעמד. ער מוז אָנהויבן דעם פּראָצעס פון אריינעמען אין זיך מעקסיקע עמאָציאָנעל.

דער דיכטער גיט זיך אָפּ פון דעם אַלעם אַ געטרייעם דין וחשבון, און זייענדיק ערלעך צו זיך אַליין, זינגט ער אין אַ צווייטן געדיכט:

„נישט בלאָנדזשען מער דורך סאַמעטענע גראָזן,
אין פרילינגדיקע טעג פון אוקראַיִנע, —
כ'האָב דיך, היים שוין לאַנג פאַרלאָזן,
און צו וועמען האָבן דען אַ טענה.
אין גראָזיקייט פון פּאַרק פון מעקסיקאַנער,
שפּילט מיין קינד זיך מיין אייניאָריקעס און עס שטייט,
אין דעם איז פרייד אַזויפיל, דוכט, פּאַראַנען,

אַז פרייד פון בוים פון יעדן טריפט.
נאָר איך קען דיך נישט באַזינגען, נישט באשרייבן,
לאנד די פרעמדע, לאנד פון שטורעמדיקע שלאקסן,
כיוויל אין ווילדער טראָפּישקייט אין דיינער ניט פארבלייבן
און אויף גראָזן דיינע בין איך נישט געוואקסן. —

פרעמד מיר זענען דיינע בערג מיט אייביקע שנייען,
ווי פרעמד מיין קינד זענען אוקראַינישע פליינען, —
כיוועל מיט פרייד מיט דיינער קיינמאָל זיך ניט פרייען.
און געוויין דיינעם — אויך קיינמאָל וועל נישט וויינען —
מיין ליד געטרונקען האָט פון טויען אנדערע:
פון טויען זאפטיקע אויף גאָלדיק כוואליעדיקן קאָרן. —
און דערפאַר איז — ווו איך זאָל נישט וואנדערן,
זינגט מיין ליד פון יענע זוניק פרילינגדיקע יאָרן...

דאָס איז אַ הארץ־אויסגוס, אַ מין ווידוי, פון אַן אויפריכטיקן דיכטער. ער נעמט אָן דעם שווערן גורל, ער ווייס, אַז ער איז איינער פון דעם אימיגראַנטישן דור המדבר... דאַקעגן, דאָס יונגע קינד זיינס קריגט שוין די יניקה פון דער נייער ערד און נייער היים, וועלכע ווערט שוין פאַר דעם איינ־אָריקן קינד זיין פשוט „היים". עס פאַר־בלינעט זיך שוין מיט דער מעקסיקאַנישער נאַטור, „ווו פרייד פון בוים פון יעדן טריפט".

אין דעם דאָזיקן געדיכט געפינען מיר, אַזוי צו זאָגן דעם קלי־מאַקס פון דעם דיכטערס אימיגראַנטישע שטימונגען. די צייט טוט אירס, און גייסטיקע אימיגראַנטישקייט הויבט אָן צו פאַרבלאַסן אויף זיין גייסטיק־עמאָציאָנעלן האָריזאָנט. ער הויבט ביסלעכווייז אָן צו מאַכן „טריט אין די בערג" פון מעקסיקע. נישט נאָר נעמט ער אין זיך אריין דעם מענטשן־פּייזאַזש פון דעם אַצטעקן לאַנד און דערפילט די פּראַכט פון מעקסיקעס ווילד־צובליטער נאַטור; ער דער־נעענטערט זיך צו די ליטעראַריש־קינסטלערישע אוצרות, נישט נאָר פון מעקסיקע און לאַטיין־אַמעריקע בכלל, אַ דאַנק דעם וווּנדער־שליסל: שפּאַניש און אַ קולטור־באַגאַזש, וואָס ער באַזיצט, — נאָר אויך צו שפּאַניעס גייסטיקע רייכטימער.

ווייניקער ווי אין צען יאָר נאָכדעם ווי דער דיכטער האָט זיך אליין פארזיכערט, אז מעקסיקע איז אים אָרגאניש פרעמד און אז

„איך קען דיך נישט באַזינגען נישט באשרייבן
לאַנד דו פרעמדע, לאנד פון שטורעמדיקע שלאקסן,
כיוויל אין ווילדער טראָפּישקייט אין דיינער נישט פארבלייבן
און אויף גראָזן דיינע בין איך נישט געוואקסן

און נאָכמער: אז

„כיוועל מיט פרייד מיט דיינער קיינמאָל זיך נישט פרייען,
און געוויין דיינעם — אויך קיינמאָל וועל נישט וויינען",

איז ער שוין דאָ, גייסטיק און עמאָציאָנעל, אזוי אקלימאטיזירט, אז מעקסיקע, לאטיין־אמעריקאנערטום און שפאניע האלטן שוין אָפּט געפאנגען זיין קינסטלערישע אינטואיציע. ער ווערט, ווי א דיכטער, ממש פארליבט אין געוויסע פאסצינירנדע מאָמענטן פון דער קעגנווארט און פארגאנגענהייט פון די לענדער, וואָס רעדן די שפראך פון סערוואנטעס און רובען דאריאָ.

די פארליבטקייט ווערט דורך טיפן שטודיום פארוואנדלט אין בקיות אין דער שפאנישער און לאטיין־אמעריקאנישער קולטור און ליטעראטור. די פרוכט פון דעם דיכטערס דאָזיקער רייפער ליבע איז א ווערק, וועלכעס איז איינציק אין איר זשאנר אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראטור: „קריסטאָבאל קאָלאָן".

# דער טרובאדור פון שפּאַניעס דערנער־וועג

„קונסט, וואָס איז פּראָפּאַגאַנדע, קאָן געשאַפן ווערן נאָר פון מענטשן, וואָס זייער פּראָפּאַגאַנדע איז קונסט".

ש. ניגער

זינט די רוסישע אָקטאָבער טעג איז נישט פאָרגעקומען קיין שום געשעעניש פון אַזאַ וועלט־אויפטרייסלענדיקער באַדייטונג, ווי דער איצטיקער בירגער־קריג אין שפּאַניע. דאָרט מאַכט איצט די אַל־טע וועלט, „דער פאַרשיווער הונט", ווי אַלעקסאַנדער בלאָק האָט זי אָנגערופן אין זיין אומשטערבלעכער פּאָעמע, די גרעסטע אָנשטרענ־גונג צו געבן דעם וועלט־אָקטאָבער „די לעצטע און אנטשיידענע שלאַכט", דעם ענדגילטיקן רעוואַנש.

דערפאַר — דער פאַרכאַפּטער אָטעם, מיט וועלכן די גאַנצע וועלט פאָלגט נאָך דאָס גיהנומדיקע שפּיל, וואָס גייט איצט אָן אויף דעם טראַגישן שאָך־ברעט, וואָס הייסט שפּאַניע, דערפאַר — דער סגויל פון צער און פרייד, האָפענונג און פאַרצווייפלונג, וואָס בייטן זיך קאַליידאָסקאָפּיש אין די נשמות פון אַלע די, וואָס האָסן די אַלטע וועלט און טרוימען פון דעם נייעם אַנדערשדיקן מאָרגן, ווי זיי זאָלן נישט הייסן און ווו זיי זאָלן נישט זיין.

איז נאטירלעך, אז אזעלכע געשעענישן פון וועלט־פארנעם און וועלט באדייטונג זאָלן אָנרעגן דעם שאפונג־אימפולס פון פּאָעטן. אויב .דער עפּיקער קען נישט ווי געהעריק אויסנוצן די סאָציאַלע ערד־ציטערנישן, וועלכע ער לעבט מיט, ווייל ס'פעלט אים אפשר די נויטיקע היסטאָרישע דיסטאנץ און פּערספּעקטיוו, זענען אָבער די גרויסע רעוואָלוציאָנערע אויפטרייסלענישן אַ גן־עדן פאַר דער אינס־פּיראַציע פון דעם לירקער. אויב ער איז נאָר אַן עכטער פּאָעט, וועט זיין עמאָציע אומפאַרמיידלעך אויפברויזן און אין זיינע לידער וועלן מיר ארויסלייענען דעם טיפערן זין פון דער עפּאָכע. דאָס וואָס געלערנטע היסטאָריקער וועלן שפּעטער באַווייזן אין טיף דורכגע־טראַכטע ווערק און אין אַ סך דיקע בענדער, דאָס בליצט אויף אין די קורצע פּאָעמען און לידער פון דעם לירקער. וואָס טיפער זיין אינטואיציע, אַלץ ברייטער די פּאַנאָראַמע, וואָס עפנט זיך אונז אין זיינע פערזן. אַלעקסאַנדער בלאָקס „צוועלף" איז אַ גאַנץ קליין ביי־כעלע, וואָס האָט אָבער אויסגעדריקט דעם רוסישן אָקטאָבער און זיין וועלט־פאַרנעמענדיקן זין, בעסער ווי אַלע אַנדערע ווערק, סיי אין פערזן סיי אין פּראָזע, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין דער רוסישער ליטעראַטור זינט די „צען טעג, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די וועלט".

צו אזעלכע, מיט דינאַמיט אָנגעלאָדענע, וועלט־היסטאָרישע דערשיינונגען, מענן זיך דעריבער דערנענטערן בלויז עכטע פּאָעטן, דאָס הייסט בלויז יענע, וואָס באַזיצן די פעאיקייט צו זען זאַכן און דערשיינונגען דורך דער פּריזמע פון דער טיפערער, קינסטלערישער אינטואיציע. לייט־אַרטיקלען און אַנדערע פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקלען אין פערזן זענען נישט, קענען נישט זיין און וועלן אויך קיינמאָל נישט זיין קיין פּאָעזיע.

צו אָט יענע עכטע לירקער, וואָס מענן, קענען און מוזן זיך אָפּרופן אויף די סאָציאַלע אויפטרייסלענישן פון אונזער קאַמף און יאָמער־צייט, געהערט יעקב גלאַנץ. ווען מיר וואָלטן אים אפילו נישט געקענט פון פריער אַלס איינעם פון די באַדייטנדע מאָדערנע יידישע דיכטער, וואָלט אונז זיין ביכעלע לידער וועגן „שפּאַניע — 1936" אין דעם איבערצייגט.

אין זיין ביכעלע לידער און פּאָעמען איז דאָ עפּעס פון דעם

פּאַטאָס, מיט וועלכן ס'אָטעמט בלאָקס „צוועלף". עטלעכע גערימטע זענען, דוכט זיך, געשריבן אונטער דעם דירעקטן איינפלוס פון דעם אומשטערבלעכן באַזינגער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. שאַרפער ריטם, לאַקאָנישער אויסדרוק, לירישער אויפברויז און טיפער איינבליק מאַכן, אַז די דאָזיקע פערזן זאָלן זיך אַריינשניידן אין דעם לייענערס האַרץ און מוח, און וועקן און מאָנען.

נישט קיין מיטלאַלטערלעכער „מינעזענגער" איז ער, נישט קיין אידיליעס דאַרף מען ביי אים זוכן,

„כ'וועל זינגען מיין ליד
נישט פון צייטן ראָמאַנטישע. —
כ'וועל זינגען פון בלוט
אין די שטראָמען אַטלאַנטישע".

בלוט גיסט זיך אין שפּאַניע, אָבער מיר דערוואַרטן פונם דיכטער ער זאָל נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין זיין אַ קלאָג־מוטער, פאַרגיסן גלאַט אַזוי טרערן איבער אויסגעלאָשענע מענטשן־לעבנס און צעשטערטע האָב און גוטס. די צערטלעכע געפילן פון דעם אַבסטראַקטן הומאַניטאַריער אינטערעסירן אונז נישט. מיר ווילן וויסן וועמענס פאַרגאָסן בלוט פאַרהערלעכט דער פּאָעט אין דער גורלדיקער שעה פון חרוב־ווערנדיקע וועלטן און ווערטן. דער דיכטער גלאַנץ לאָזט עס אונז הערן קלאָר און דייטלעך:

„נישט פון שפּאַניע, סילאַנד
פון קעניג פערנאַנד
און טאָרקוועמאַדע —
כ'וועל זינגען אַן אָדע
פון שפּאַניעס נייער ערע: —
שפּאַניע פון אַזאַניאַ
און לאַרגאָ קאַבאַליעראָ".

דער דיכטער באַגרייפט און מאַכט אויך אונז פילן, אַז שפּאַניע דאָס איז איצט דער מיקראָקאָסמאָס, אַז די גאַנצע וועלט שפּילט

דאָרט אויס „אין צאַפּלענדיקן אנגסט" אַן אַקט פון דער היסטאָריש־געזעלשאַפטלעכער דראַמע. דערפאַר איז אים און אויך אונז פאַר־שטענדלעך פאַרוואָס

„אין וואַנדערווייטקייטן פון רויכערדיקער צייט,
מיט שווערד ביי זייט,
מיט צוויין
אריינגעבויסענע אין טרוים, —
לעאָן בוים און איבאַרורי;
מנחם און איוואַן;
זשאַן־זשאַק און כואַן,
אין פיבערדיקן שפּאַן,
אין צאַפּלענדיקן אַנגסט
פון דורות צאָרנדיקן גיין
אויף גרויס
און לענג פון פלאַקערדיקער ערד".

דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרנעם פון דער שפּאַנישער טראַגע־דיע און די אומגעהויערע פּערספּעקטיוון, וואָס ס'עפנט פאַר דעם מאָרגן פון דער וועלט אַן ענרגילטיקער זיג דאָרט פון דער נייער ערא „פון אזאַניאַ און לאַרגאָ קאַבאַליעראָ", איז דער לייט־מאָטיוו פון „פּאָנעם אין בלוט". און עס איז גוט אזוי. וואָס דען אַנדערש קען מען ארויסלייענען פון די בלוטיקע אותיות מיט וועלכע שפּאַניעס געשיכטע ווערט איצט געשריבן. געטהע האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ער באַדוערט יענעם מענטשן־טיפּ, וואָס האָט קיינמאָל נישט מיטגעליטן ווערטהערס יוגנט־ליידן. אין שפּאַניע ליידט די גאַנצע נייע, יונגע וועלט פון דער אויסגעטרוימטער מענטשלעכער צוקונפט. ווי זאָלן מיר דען אַלע נישט מיטליידן? ס'פאַרשווינדן גרענעצן אין דעם אַלמעכטיקן סאָלידאַריטעט־געפיל:

„פון שפּאַניע ביז פוילן איז ווייט און איז נאָענט —
ווען וועלט איז אין פלאַמען, אין בלוט האָריזאָנט".

דער דאָזיקער סאָלידאַריטעט־געפיל פאַרוואַנדלט די מיטלייִדער אין מיטקעמפער. פאַר די אַקטיווערע, טעמפעראַמענטפולערע, שטעלט זיך די פראַגע:

„און וואָס איז הײַנט,
אויב נישט די גאַנצע וועלט
אין פלאַמענדיקן קאַמף?"

און ס'איז אומפאַרמײַדלעך, אַז זיי אַלע זאָלן זיך טרעפן אויף דעם העלדישן רעוואָלוציאָנערן פראָנט פון שפּאַניע: דער ווינער פון רינקאַווער גאַס פון וואַרשע, דער רוס, און דער פראַנצויז פון פּאַריזער נוים.

זיי אַלע אײַלן אַהין, צו יענעם לאַנד פון „לאַ מאַנטשאַ", וווּ

„ס'האָט שטאָלענער טראָט פון געשיכטע
די אַלטע חלומות צעטראָטן". —

וווּ

„עס שײַלט זיך דורך כמאַרעס געדיכטע
דער טאָוול פון נײַע געבאָטן"

אין דעם פּרעכטיקן געדיכט „אויף פאַרנאַכטיקן סטעפּ פון לאַ מאַנטשאַ" וואָס וועט זיכער פיגורירן אַמאָל אין די אַנטאָלאָגיעס פון דער יידישער פּאָעזיע, שליסט אָפּ דער דיכטער זײַנע, און אויך אונזערע חשבונות, מיט דער נעפּלהאַפטער, אַבסטראַקט־הומאַניטאַרישער דאָן־קיכאָטישער אידעאָלאָגיע. די צײַט איז פון שטורם און דונערן און בליצן. אַ וועלט ווערט חרוב און אַ נײַע האַלט אין געבוירן ווערן, טאָ וואָס קען דאָ העלפן די אימפּאָטענטע נאָבלקייט פון אַ דאָן קאָכט, ווען

„סע פלאַקערט דער גיהנום פון דאַנטע
אויף בלוטיקן סטעפּ פון לאַמאַנטשאַ"?

פאַרעלטערטע באַגריפן קענען אין דער איצטיקער שטורמיש־

טראַנישער צייט קיין ווערט נישט האָבן. און גייענדיק אין די פוס־טריט פון אַלעקסאַנדער בלאָק, וואָס מאַכט — אין דער פּאָעמע „די צוועלף״־קריסטוסן גיין פּאָרויס און באַשיצן די צוועלף רעוואָלוציאָנערן־אַפּאָסטאָלן, דיכטעט יעקב גלאַנץ אויס איינע פון די הערלעכסטע פּאָעמעס פון דער זאַמלונג: „רויטער קריסטוס״. זיין קריסטוס איז נישט קיין גאָט, נאָר אַ מאַרטירער „פאַר אָרימאַנסקער נייער ערא״, וועלכער מאַרשירט פאָרויס אין שלאַכטן און היט די רויטע פאָנען...

„און ער ווייזט דעם וועג סאָלדאַטן
דורך די קלויסטרישע רואינען...
און ער וואַכט ביי די האַרמאַטן,
ביז דעם אָנהויב פון באַגינען״

אין יאָר 1936 זענען די פאָנען פון דערלייזונג און פון דער נייער וועלט פון מאָרגן געווען דורכגענעצט פון הייליקן מאַרטירער־בלוט, אָבער זיי האָבן הערלעך געפלאַטערט, שטאָלץ געטראָגן און הויך געהאַלטן פון טרייע און מוטיקע קעמפער. צווישן די טרובאַדורן פון דער דאָזיקער עפּאָפּייע וועט אויך דער נאָמען פון דעם יידישן דיכטער יעקב גלאַנץ מיט כבוד דערמאָנט ווערן.

# „קריסטאָבאַל קאָלאָן״

אין דער טראַדיציאָנעלער יידישער ליטעראַטור זענען דאָ פאַר־שידענע ספרים, אָבער אַ דויערנדן ווערט האָבן נאָר די יעניקע אין וועלכע די מחברים, האָבן עפּעס מחדש געווען. דאָס זעלבע איז אויך גילטיק פאַר דער וועלטלעכער ליטעראַטור.

מ׳קען דעריבער פרעגן: וואָס האָט דער דיכטער יעקב גלאַנץ מחדש געווען אין דער פּאָעמע „קריסטאָבאַל קאָלאָן?״

פאַקטיש זענען אין דער קונסט אַלע טעמעס אויסגעשעפּט: ווייל אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט מענטשלעכע געפילן, אידייען, פּראָ־בלעמען, האָבן שוין די קלאַסיקער באהאנדלט און באַלויכטן פון פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן. וואָסזשע האָט דאַן דער קינסטלער פון היינט־צייטיקן דור צוצוגעבן צו אַן אַלטער טעמע?

דער קינסטלער מוז געפינען עפּעס נייעס ארויסצוברענגען אין גייסט פון אונזער איצטיקער צייט.

ס׳זענען פאַראַן פאַרשידענע שיטות וועגן דעם אַנטדעקער פון אַמעריקע — קריסטאָבאַל קאָלאָן (ווי דער דיכטער יעקב גלאַנץ, רופט אים).

איניקע זאָגן אַז קריסטאָבאַל קאָלאָן איז לא היה ולא נברא, אַנדערע ווידער שפּאַרן זיך וועגן זיין אָפּשטאַם: שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און איטאַליע ווילן אים צושרייבן צו זיך, און עס זענען דאָ אַ אפילו אָנדייטונגען, אַז ער איז גאָר געווען אַ ייד, די וואָס גיבן צו, אַז ער האָט עקזיסטירט, באַנוצן זיך מיט אַ געבורט־שיין, וועלכער ווייזט

שווארץ אויף ווייס, „באותות ומופתים", אז ער איז געבוירן געוואָרן אין גענוא (איטאַליע).

יעקב גלאַנצן גייט אָבער נישט אָן די אָפיציעלע ביאָגראַפיע פון קאָלומבוסן, אים גייט אָן די פסיכאָלאָגישע ביאָגראַפיע פון דעם העלד: וועלכע גייסטיקע כוחות האָבן געווירקט אויף אים, כדי ער זאָל ווערן דאָס וואָס ער איז געוועזן; אים, דעם דיכטער, גייט אָן צו זען אין קאָלומבוסן דאָס אינטימע, דאָס פסיכישע פון דער דערשיי־נונג וואָס הייסט: קריסטאָבאַל קאָלאָן.

ווען א היסטאָריקער וואָלט געדאַרפט באַשרייבן דאָס לעבן פון קאָלומבוסן, וואָלט ער ביי אים אַרויסגעקומען אָן אַוואַנטוריסט, וועלכער האָט געליטן צוליב די שוועריקייטן פון זיין רייזע, און אַזוי ווייטער. אַנדערש אָבער איז, ווען א העלד גייט דורך דורך דער פּריז־מע פון א דיכטער.

ער וואַקסט אויס פאַר אונז א טיף־טראַגישע פיגור, א סימבאָל פון אַן עפּאָכע, און פון אַלע צייטן, — א וויזיאָנערישע פערזענ־לעכקייט.

גלאַנצס ערשטער פאַרדינסט איז, וואָס ער האָט זיין העלד, קאָ־לומבוסן, אוועקגעשטעלט אין ליכט פון רענעסאַנס. ער זעט אין אים דעם אידעאַל פון דעם רענעסאַנס־מענטש. און מיר וועלן טאַקע באַלד זען, וואָס איז אייגנטלעך אַזוינס דער אידעאַל פון דעם רענעסאַנס־מענטש.

קאָלומבוס לעבט איבער בעת זיין רייזע פאַרשידענע שווערע מאָמענטן, און ער האָט פאַרשידענע חלומות און וויזיעס.

און איינע פון זיי איז ווי

„עס קומען אויף כמאַריקע שיפלעך צעשווימטע
פאַנטאַסטישע גרופּן:
וואָלקן־פיש מיט זילבערנע שופּן,
וואָלקן־קעפּ־געשטאַלטן באַקאַנטע: —
פּעטראַרקאַ און דאַנטע.
קאָפּ פון פּעטראַרקאַ — אין קרעפּ,
קאָפּ פון דאַנטע — אין קרענץ.
אויף מירמלנע טרעפּ

טאָסקאַנעלי פון פלאָרענץ
מיט מאַפּע און קאָמפּאַס אין האַנט,
ווייזט אויף הימלשן ראנד
דעם סוף פון אטלאנטידא." —

און דאָס איז טאָסקאנעלי — דער פאָרגייער פון די נייע וועגן־אנטדעקער, פון די מאַפּעס וואָס האָבן געמאַכט אַן איבערקערעניש אין די געאָגראַפישע ידיעות פון יענער עפּאָכע. אַ טיפּישער פאָר־שטייער פון רענעסאנס.

דאָס זעלבע זענען די איבעריקע געשטאַלטן, וואָס דערשיינען פאַר אים, — די דיכטער פון יענער גרויסער עפּאָכע.

יעקב גלאַנץ באַטראַכט קאָלומבוסן אין אַנבליק פון אַט די גרויסע גייסטער. ער איז פאַר אים די פאַרקערפּערונג פון דעם אייביקן זוכער פון דעם נייעם לעבן. דער אידעאַל פון רענעסאנס־מענטש איז געווען גייסטיקע אומרואיקייט: ווילן צו טאַט. נישט קיין דאָגמע, נאָר שול און דערפאַרונג איז געווען זיין דעוויז; די שפּעטערדיקע אידייע, פון דעקארט: „איך דענק, איז אַ סימן אַז איך עקזיסטיר".

וויכטיק איז פאַר דעם רענעסאנס מענטש דער זיג פון דעם מענטשן, פון זיין ווילן, און דעריבער, זעענדיק קאָלומבוסן אין אַט דעם שיין, אַלס די פאַרקערפּערונג פון רענעסאנס, לאָזט אים דער דיכטער זאָגן:

„ווילן איז די מאַסט
וואָס טראָגט די פאָן:
ער קרעכצט,
און ברעכט זיך נישט
אין ווילדעסטן ציקלאָן".

דער רענעסאנס מענטש איז געווען אַ סקעפּטיקער, און ער האָט אַליין געוואָלט אַלץ דערפאָרשן און אַליין דערגיין צום ציל.

אין אַט דעם ליכט זעט אים דער דיכטער יעקב גלאַנץ. קרים־טאָבאַל קאָלאָנס אומרואיקע נאַטור, זיין אומצופרידנקייט מיט זיך, זיין זוכן איין אינזל נאָכן צווייטן, נייע ברעגן, קאָן פאַרגליכן ווערן צו

דער אומרואיקייט פון אַ צווייטן רענעסאַנס־פּאָרשטייער — מיקעל אַנדזשעלאָ.

דער דאָזיקער גרויסער קינסטלער איז אויך שטעדניק פאַרבליבן אומצופרידן מיט דעם דערגרייכטן, ער וואָלט וועלן פאַר זיינע סקולפּ־טורן גאַנצע בערג־בלאָקן, נישט קיין איינצלנע שטיינער.

יעקב גלאַנץ איז אָבער אויך אַ יידישער פּאָעט. און עס גייען ביי אים צוזאַמען מענטש און ייד.

אין זיין „קריסטאָבאַל קאָלאָן" פירט ער אריין דעם ייד דע־טאָררעס.

דערצו האָט דער דיכטער געקענט קומען נאָך אַ לאַנגן שטוד־יום פון יידישן מיטלאַלטער. ער גייט צו צו דער עפּאָכע, געוויסנ־האַפט, מיט וויסנשאַפטלעכער באַלייכטונג.

דע טאָררעס — דער אוניווערסאַליסט און קאָלומבוס — דער אינדיווידואַליסט.

דע טאָררעס איז די פאַרקערפּערונג פון לאַנגע דורות ליידן און צרות פון דעם יידישן לעבן, פון דער יידישער לעבנס־קלוגשאַפט, ער האָט אינגאַנצן אַן אַנדער צוגאַנג צו דער וועלט, ווי קאָלומבוס.

דע טאָררעס זאָגט:

„נישט איך, נישט דו,
נאָר צייט איז אייביק,
אויך די טאַט איז הייליק,
און דער קעמפער הינטער גראַטן,
ווערט פאַראייביקט דורך די טאַטן". — —

אַזוי קאָן נאָר ריידן אַ קינד פון אַ פאָלק, וואָס האָט געזען די שטאַרקסטע פעלקער אונטערגיין, און וועלכעס ווייסט, אַז קיין שום דערפאָלגן האָבן קיין באַדייטונג נישט; אַז געשעענישן דאַרפן גע־מאָסטן ווערן אין אָנבליק פון דער אייביקייט — „צייט איז אייביק".

אַנדערש אָבער זעט די זאַך קאָלומבוס:

„ס'איז דאָ אַ לאַנד פון זילבער,
גאָלד און בערג בריליאַנטן. —

שניידט די שיף זיך ווילדער,
צום לאנד צום אומבאקאנטן". —

קאָלומבוס איז באהערשט פון דעם מאטעריעלן מאָטיוו.

„דער מענטש זוכט וועלטן נייע
און די אלטע וועלט פארניכטעט"

און טאָררעס זעט, אז

„ערגעץ ברענט אַ פייער
און באלויכט געשיכטע". — — —

און אזוי גייען פאראלעל די דאָזיקע צוויי עלעמענטן, — דער יידישער און דער אלגעמיינער.
קאָלומבוס וויל נישט

„גאָלדן שליסל איבערגעבן, —
און וויל דעם פערל פון זיין דאָזיין נאָך באהאלטן"

און דע טאָררעס פארגעסט נישט, אז

„סיאיז פערצן צוויי און ניינציק,
וועלט איז בלינד און גייציק,
דער וואָס איז נישט אונטערטעניק
דעם גלח און דעם קעניג,
דער האָט ווידערשפעניקט".

און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער דיכטער שטעקט אין דער געשיכטע, פארגעסט ער אָבער נישט, ווי אַן עכטער קינסטלער, וועגן דעם גייסט פון זיין אייגענער צייט.

„און די זעגלען אויף די מאסטן
ווי צעבלוטיקטע רויטע פאָנען.
אנטוישטע מענטשן מאָנען". —

א באזונדערן אָרט אין דער פּאָעמע פאַרנעמט דע טאַררעס.
מ׳קען זאָגן, אַז טאַררעס איז דער „היינו כחולמים״ אונזערער.
ער באַנעמט דעם טיפערן זין פון דעם פּראָפעטישן „והיה באחרית
הימים״. טאַררעס זאָגט:

„נישט זאָג, מאַעסטראָ,
אַז די פעלדזן זענען גלייכגילטיקע עדות
פון די דורות וואָס פאַרגייען,
זיי זענען אויכעט פעדעסטאַלן,
אויך אַן אָנלען אין געוויטער,
פאַר די טרוימערס און פאַר מידע
פאַר די גייערס אָן אַ ריכטונג,
און אַ נאַכטלעגער פאַר אָדלער
און פאַר מעוועס — בעלי בשורות,
וואָס זיי ברענגען אונז דעפּעשן
פון די נאָנטע יבשות. — — —
כיהער די מעוועס דוכט מיר שרייען,
זאָגן אָן די גרויסע בשורה,
אַז די שיפן דורכן שטורעם,
דורך געפאַרן פון געוויטער
וועלן לאַנדן אין די לענדער
פון די גאָלדענע הבטחות״. —

דאָס איז דער בטחון און גלויבן פון דעם יידישן העלד און
מאַרטירער פון דור־דורות ביז איצט.
קאָלומבוס אָבער רעדט ווי אַ רענעסאַנס־מענטש:

„ס׳איז דיר גוט דורך דורות־לייד,
טויזנט יאָריק פּיין און צרות
בלוט און פּלאָגן,
וואָס דו קאָנסט נאָך טראָגן בירושה,

טאָרדעס,
אינם אויפרויש פון די בלוטן
דיין קשה־עורפדיקן ווארטן
אויף די טעג פון סוף־געגארטן".
און ער, קאָלאָן —
„וויל נישט איבערגעבן גאָלדן שליסל
פונם טויער טריאומפאלן",
ער, דער וועלט־אנטדעקער
וויל דעם גאָלדן שליסל פון זיין דאָ־זיין
נאָך באהאלטן.

ער וויל די גאנצע עולם הזה פאַר זיך, ער טרעט נישט ארויס פאַר אונז ווי קיין סטאָאיקער, נאָר ווי אַן עפיקורייער, אַן אמתער מענטש פון רענעסאנס, וואָס זאָגט, אז לעבן איז דער עיקר, אז לעבן מוז זיין פארגעניגן און תענוג פון דאָ־זיין.

און אין דעם קאָנטראַסט צווישן אָט דעם דינאמישן רענעסאנס־מענטש און טאָרדעסן, דעם אייביקן אמת־זוכער, סטאָאיקער און גלויבנספולן מענטש, ליגט די גרויסע באדייטונג פון דער פּאָעמע „קריסטאָבאַל קאָלאָן": פון איין זייט דער גרויסער אייביקער פּראָבלעם פון פירער און מאסע, און פון דער צווייטער זייט — דער חלום פון אַ צוקונפטיקער וועלט, וואָס ס'פּרעזענטירט מיט זיך טאָרדעס — חלום און ווירקלעכקייט.

יעקב גלאַנץ האָט דערהויבן קאָלומבוסן צו אַן אוניווערסאַלער פיגור. ער האָט אים געמאכט פאַר אַ סימבאָל פון דורות. זיין קאָלומבוס איז אַ נייער פּראָמעטעוס, אַ גייסט וואָס רייסט קייטן. דערמיט האָט גלאַנץ, דיכטעריש, מחדש געווען אין דער היסטאָריש און מענטשלעך טראַנסצענדענטאַלער טעמע: „קאָלומבוס".

# דערציילונגען פון מאיר קאַראַנאַ

אונזער ליטעראַריש האָב און גוטס צווואַקסט זיך ביסלעכווייז, און דאָס איז געווייס אַ דערפרייענדע דערשיינונג. ווען מיר זאָלן וועלן מאַכן אַ באַלאַנס פון דעם, וואָס איז אין דעם יידישן מעקסיקע אויפגעטאָן געוואָרן אויפן ליטעראַריש קינסטלערישן געביט אין משך פון דעם גענויעם פערטל יאָרהונדערט פון דער עקזיסטענץ פון ישוב, וואָלט דער סך־הכל גאַנץ באַשטימט אַרויסגעקומען אַ פּאָזיטיווער. ווי אַ צייכן פון אָט דער אַנטוויקלונג דאַרף באַטראַכט ווערן דער בוך „צייטן", דער צווייטער, וואָס מאיר קאַראַנאַ האָט דאָ אַרויסגע־געבן אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלעכע יאָר.

פון די פיר אָפּטיילונגען אין וועלכע דער בוך איז איינגעטיילט, זענען די געלונגנסטע די דריטע און די פערטע: „אַנהאַלט" און „באָדן". די דאָזיקע אָפּטיילונגען גיבן אייגנטלעך קאַראַנאַס בוך זיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, ווייל צו אַלץ, וואָס זיי אַנטהאַלטן קען מען אָנווענדן אַ שטרענגערן קריטעריום, נישט מוא האָבנדיק אָנצו־טרעפן אין געוויסע פלעצער אַ זאַמדיקן באָדן. עטלעכע פון די זאַכן, וואָס געפינען זיך דאָרט, ווי צום ביישפּיל, „דער נסתר" און „צווי־שען וואָך און שבת אויפן כרמל" מאַכן אַ באַזונדערס שטאַרקן איינ־דרוק.

דאָס הייסט נישט, אַז אויך אין די ערשטע צוויי אָפּטיילונגען: „דאָ און דאָרט" און „מלחמה־צייט", זענען נישטאָ קיין דערציילונ־גען פון אַ געוויסן קינסטלערישן ווערט. אַזוי, צום ביישפּיל, אין

דאָרט דאָ אַ באמת פיינע זאַך: „געבליבן אליין", וועלכע איז קורץ, אָבער אָנגעפילט מיט טיף־דורכגעפילטע און קינסטלעריש געשילדער־טע איבערלעבונגען.

מאיר קאַראַנאַס שטאַרקייט ליגט הויפּטזעכלעך אין זיינע קורצערע דערציילונגען און שילדערונגען. ווען ער נעמט זיך צו זאַכן פון אַ לענגערן פאָרנעם, פעלט אים אָפט אוים קינסטלערישער אָטעם, און פון איין קינסטלעריש געלונגענעם מאָמענט ביז צום צווייטן קומט אונז אוים היפּשלעך צו ווארטן, ווי ס'איז, צום ביישפּיל, דער פאַל מיט זיין דערציילונג „לייזער".

דאָס איז בנוגע צו פאָרם. וואָס שייך די פראַגע פון אינהאַלט און קינסטלערישער קאָנצעפּציע, ווערט ביים אויפמערקזאַמען לייענען קלאָר דער פאַקט, אַז קאַראַנאַ איז זייער אָפט אַ פיינער באָאָבאַכטער און אַ גוטער באַשרייבער. דאָס אויסערלעכע, איבערהויפּט ווען עס איז פאַרבונדן מיט שאַפן שטימונג, קריגט ביי אים אָפט אַ באמת פיינעם קינסטלערישן תקון. אנדערש איז די לאַגע, ווען ער וויל אריינדרינגען אין געוויסע פּסיכאָלאָגישע לאַבירינטן און ארויסברענגען פּסיכאָלאָגיש־קינסטלערישע אנטפּלעקונגען. דאַן געפינט ער זיך מיט אַ מאָל אין אַ הילפלאָזער לאַגע. ס'איז גענוג צו לייענען זיינע באַשרייבונגען, וואָס האָבן צו טאָן מיט עראָטיק, ווי צום ביישפּיל, אין דער „טרעפערין", כדי צו קריגן אַ באַגריף וועגן דעם.

מאיר קאַראַנאַ, ווי געזאָגט, האָט אַ גאַנץ באַשטימטע פעאיקייט צו באַשרייבן אויסערלעכע, שטימונג־שאַפנדיקע שטריכן. אין דער דאָזיקער הינזיכט איז זיין קינסטלעריש אויג שטענדיק וואַך.

אָט איז אַ ביישפּיל פון העכסט געלונגענע באַשרייבונגען און, פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, פיין געפּאַסטע כאַראַקטעריסטיקעס:

ביי יואל סוקעניק אין שטוב איז אויסערלעך אַלץ געווען ווי שטענדיק: די שבת ליכט האָבן געברענט מיט צניעותדיקער קדושה, און מיט יחוסדיקער זעלבסט ווירדע האָבן זיי זיך געגרויסט אנטקעגן דער חוצפּהדיקער און שרייעוודיקער עלעקטרישער ליכט. די שבת־דיקע ליכט האָבן אין אַ שטומען לשון דערציילט פון אייביקייט; פון אַ וועלט וואָס קאָן נישט און וועט נישט אונטערגיין...

(„געבליבן אליין")

אָדער די באמת פּרעכטיקע, העכסט שטימונגספולע באַשרייבונג פון דעם פּרייטיק נאָכמיטאָג אין ארץ־ישראל, ביים הר הכרמל:

דריי שעה צו נאַכט.
מילדער איז געוואָרן די היץ. פון ים האָט געבלאָזן אַ לייכט ווינטעלע, וואָס האָט אָפּגעפרישט די לופט און פרייער געמאַכט דעם אָטעם. די זון האָט לאנגזאם, מיט מאיעסטעטישע טריט, זיך גענומען אראָפּלאָזן אויף די מערב טרעפּ צו טובלען זיך אין ים לכבוד שבת, און מיט יעדן טריט נענטער צום ים, האָט זי פארוואשט היטער זיך די געוויינלעכע וואָכעדיקייט, וועלכע איז באלד פארגאַסן געוואָרן מיט ערב־שבתדיקער מנוחה־שטימונג.

דערפאר איז ביז גאָר פארדריסלעך, וואָס דער זעלבער מאיר קאַראַנא, וואָס באווייזט זיך אונז אָפּט ווי אַ שרייבער מיט טיפער קינסטלערישער אינטואיציע, שענקט אין געוויסע פלעצער פון זיין בוך אזוי ווייניק אויפמעקזאמקייט צו עלעמענטארע גראמאַטיקאַלי־שע פּראָבלעמען און שוואכט אָפּ, מיט זיין שפּראכלעכער נישט קאָ־רעקטקייט, דעם אלגעמיינעם גוטן איינדרוק.

# משה רובינשטיינס קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן

איינער פון די גאָר ווייניקע, וואָס מעגן אין דעם יידישן זשור־נאַליזם מיט רעכט פּרעטענדירן אויף מייסטערשאַפט אין קינסטלערי־שער רעפּאָרטאַזש, איז משה רובינשטיין, דער טאַלאַנטפולער זשור־נאַליסט און רעדאַקטאָר פון „די שטימע".

אין זיין בוך „מעקסיקאַנער טעמעס", אין וועלכן ער האָט אריינ־גענומען דערציילונגען, סקיצן און רעפּאָרטאַזשן, האָבן מיך זיינע שאַפונגען אין דעם לעצט דערמאָנטן זשאַנר אַממערסטן פאַראינטע־רעסירט און געמאַכט אויף מיר דעם שטאַרקסטן איינדרוק. איך וועל זיך דעריבער אָפּשטעלן בלויז אויף די רעפּאָרטאַזשן. זיי בילדן, לויט מיין איבערצייגונג, דעם טייל פון בוך, וואָס גיט אים די גרעסטע מאָס פון עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג ווי א ווערק פון א מער דויערנדן ווערט.

ווער ס'האָט נאָכגעפאָלגט משה רובינשטיין'ס זשורנאַליסטישע קאַריערע, פריער אין „די צייט", און נאָכהער אין דער „שטימע", האָט געקענט פעסטשטעלן, אַז זייט ביי זייט מיט רובינשטיינען, דעם פּוב־ליציסט, דעם אַנאַליטיקער פון געשעענישן, סיטואַציעס און געזעל־שאַפטלעכע גרופּן, גייט אַן אנדער רובינשטיין: דער פעליעטאָניסט, דאָס הייסט דער סיטועטיזירער (אין א שפּילעוודיקער, אָפטמאָל געשליפן־הומאָריסטישער פאָרם) פון יענע עלעמענטן, וואָס זענען

אָרגאַניש־כאַראַקטעריסטיש, באמת־טיפּיש פאַר יענע געשעענישן, סי־ טואַציעס און געזעלשאַפטלעכע גרופּן. דאָס הייסט, אַז רובינשטיין, דער פעליעטאָניסט, נעמט אַרויס ביי רובינשטיין, דעם פּובליציסט, דאָס טיף־וועזנטלעכע, און „פאַרייביקט" עס אין אַ פאָרם, וואָס פאַ־ דערט שוין קינסטלערישע אינטואיציע, מאָס און פּראָפּאָרץ, וועלכע זענען דער רוקן־ביין פון יעדן קינסטלערישן מאָמענט און פון יעדער קינסטלערישער אַנטפּלעקונג.

ווען איר לייענט די פעליעטאָנען פון „דעם זעלבן", ספּעציעל, ווען זיי זענען געשריבן אין דער פאָרם פון מאָנאָלאָגן, אָדער ווען איר באַקענט זיך מיט רובינשטיינס קרעאַציע, וואָס איז אַזוי לעבע־דיק, ווי דאָס לעבן אַליין: מיט „כוואַנעץ", און מיט „כוואַנס" אופן פון רעאַגירן אויף ברענענד־אַקטועלע פראַגן פון דער אַרויסיקער ווירקלעכקייט, און מיט זיין כאַראַקטעריסטישן אופן אויסצודריקן זיין פערזענלעכע שטעלונג, — דערקענט איר גלייך אין רובינשטיינען דעם פונק פון קינסטלערישקייט, וועלכער מאַכט פאַר דעם דאָזיקן זשורנאַליסט אָרגאַניש־נויטיק, און דערפאַר אויך לאָגיש, זיך צו ווענ־דן אויך יענעם זשורנאַליסטישן זשאַנר, וועלכער פאָדערט אַן אויג און אויער פון אַ קינסטלער: דעם קינסטלערישן רעפּאָרטאַזש.

משה רובינשטיינס קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן (וועלכע ער אַליין רופט, אגב, אָן בלויז „רעפּאָרטאַזשן") זענען, אַלזאָ, נישט קיין צופעליקע דערשיינונג אין זיין זשורנאַליסטישער טעטיקייט. זיי זענען אַרויסגעוואַקסן ווי אַ רייפער פּראָדוקט פון רובינשטיין, דעם פעליע־טאָניסט, דעם אינטואיטיוון באָאָבאַכטער מיט דער פעאיקייט אַרויס־צוברענגען סינטעטיזירנדיקע, קינסטלערישע פאַראַלגעמיינערונגען.

— 2 —

אויף וואָס זשע איז געווען געווענדט משה רובינשטיינס אויג און צו וואָס האָט זיך צוגעהערט זיין אויער?

שוין אין דעם אַרטיקל „צו מעקסיקע", וועלכן מ'קען באַטראַכ־טן אַלס דעם צווייטן „פאָרוואָרט" צום בוך, דערזעען מיר רובינ־שטיינס גרויסע פעאיקייט אויפצוכאַפּן אינטואיטיוו־קינסטלעריש אַ סיטואַציע מיט אַלע אירע קאָנפליקטן און ווידערשפּרוכן. מיט דער אינטואיציע פון אַ קינסטלער־באָאָבאַכטער באַריכטעט ער:

„איך דריי זיך ארום אויף דיין ערד צווישן מעגמשלע־כע סילועטן, שווארצלעכע און פארפינסטערטע. וואָס פלעמלט עס פאר א טרויער אין זייערע אויגן? פארוואָס פארבאהאלטן זיי אים אונטער קוים באַמערקבאַרער פרייד. איך הער מעקסיקע זינגען פריילעך, יאָגנדיק דעם אומעט פון זיך, ווי עס יאָגן זיך די זאמדן פון ווינטיקן בלאָזן דורך אוראלטע וועלדער און וויסטע סטעפּעס אין איר. איך זע מעקסיקע שלאָפנדיק אויפן ברוק, צוגעדעקט מיט פאפיר — איך זע זי אָפּגעדעקט".

זיין שארף אויג דערזעט אָבער נישט בלויז דעם דאָזיקן גייסטיקן און סאָציאַלן פּייזאַזש, נאָר אויך די שארפע קאָנטראַסטן פון דער שטאָטישער ארכיטעקטאָנישער סביבה, וועלכע דינט אים, דעם פּייזאַזש, ווי א ראַם.

„פון טויזנטער מײלן ציט מיין וועג אהער; בלויז צו זען דיינע קאַפּויערנדיקע וואונדער, וואָלט כדאי געווען דעם מהלך דורכצומאַכן. ארכעאָלאָגישע זקנה קוקט פון טויזנ־טער ווינקלען מיט שפּאָטישן בליק אויף מאָדערניסטישע ארכיטעקטור.

מעקסיקע, פאַרוואָס ביזטו אזוי רייך און אזוי אָרים? פאַרוואָס וויקלסטו זיך אין שמאַטעס ביינאַכט, ווען די לופט זאַפּט זיך אָן מיט ימיקער קעלט, וואָס ס'יאָגט אויף דיר פון פּאָליוס־וויַיטע אָקעאַנען, און פאַרוואָס ביזטי אזוי אָנטבלויזט אין די וואַרעמע טעג, ווען די גאָלדענע זון באַשיט דיך מיט אירע גלעטנדע שטראַלן?"

דאָס איז אייגנטלעך דער זעלבער מאָטיוו, וואָס מיר געפינען אין געדיכטן פון אונזערע צוויי מעקסיקאַנער יידישע פּאָעטן: יצחק בערלינער און יעקב גלאַנץ. דער אונטערשייד איז נאָר אָן אויסער־לעכער, אין דער פאָרם, ווייל ס'מוז געזאָגט ווערן, אז „צו מעקסיקע" איז אַ ליד אין פּראָזע, איינער פון די שענסטע קינסטלערישע עסייען, וואָס זענען וועגן דעם דאָזיקן, אזוי אייגנאַרטיקן לאַנד געשריבן גע־

ווארן זיינע הומבאָלדט האָט די אַמאָליקע אַצטעקן־אימפּעריע אַרויס־געפירט, ליטעראַריש, פאַר דער גרויסער וועלט.

דעם קינסטלער־רעפּאָרטער משה רובינשטיין אינטערעסירן אין אַ גלייכער מאָס די אַלגעמיינע מעקסיקע און די יידישע מעקסיקע. אָבער ווען ס'האַנדלט זיך וועגן דער ערשטער, באַגנוגנט ער זיך, אַזוי צו זאָגן, מיט דעם סאָציאַל־געאָגראַפישן רעפּאָרטאַזש, און זעט אין באַשרייבט מעקסיקע האָריזאָנטאַל. דאַקעגן באַגנוגנט ער זיך נישט בלויז מיט דעם, ווען ס'קומט צו דער יידישער מעקסיקע. דאָ גיט ער אונז אי געאָגראַפיש־האָריזאָנטאַלע, אי היסטאָריש־ווערטיקאַלע רעפּאָרטאַזשן. ער באַריכטעט אונז וועגן די מעקסיקאַנער יידן, ווי ער זעט זיי איצט, און פאַרגעסט אויך נישט די זעלבע יידן פון „אַ מאָל", פון דעם גאָר נישט לאַנגן עבר, וועלכער קוקט שוין דאָ איצט אויס ווי עפּעס די צייטן פון פאַרן מבול.

פאַרגלייכט, צום ביישפּיל, די פאָלגנדיקע צוויי קורץ־געמאַסטע בילדלעך פון יידישן לעבן דאָ. דאָס ערשטע איז פון די ערשטע אימיגראַציע־יאָרן; דאָס צווייטע איז פון דעם היגן יידישן לעבן איצט, בעסער געזאָגט, פון די לעצטע פאַר יאָר פאַר דער מלחמה, (ווייל גאָר אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָבן די יידן דאָ זיך באַזעצט אין אייגענע הייזער, און נישט וויניק פון זיי — אין אייגענע פּאַלאַצן).

„אויף כעסוס מאַריאַ האָט זיך קאָנצענטרירט די יידישע אָרימקייט פון מעקסיקע. דאָ און אין די אַרומיקע גאַסן, אויף סאַלקעס און פאַרשטעקטע הייזלעך פון לאַנגע שפּאַנישע הויפן, ווו הילצערנע טרעפּ פירן אויף אַרומיקע גאַלעריעס צו די דירות, — דאָרט האָבן יידישע באַלעבעסלעך און נאָר ייאָס חתונה־געהאַטע בזוגים, וועלכע האָבן די ווייבער געלאָזן דערווייל אויף יענער זייט ים — זיך איינגעקוואַרטירט".

(„כעסוס מאַריאַ")

און דאָ קומט דער קאָנטראַסט:

„אין הייזער האָבן זיך גענומען באַווייזן נייע „כּיעגאָס" (גאַרניטורן) מעבל, פּליושענע דיוואַנען. די ווייבער דאַר־

פעו טראָגן אַמעריקאַנער קליידער, מוזן גיין אין פּוקסן און פּאָקענע מאַנטלען. קינדער וואַקסן און לערנען אין שפּאַנישע שולן. מען מוז זיי לערנען טאַנצן און שפּילן פּיאַנאָ אָדער פידל".

(„אונערוועש"...)

— 3 —

א סך פון דעם, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש אין דעם אַלגעמיין מעקסיקאַנער לעבן, א סך פון דעם, וואָס איז וועזנטלעך אין דעם לעבן פון דעם מעקסיקאַנער יידישן ישוב, גייט דורך דער פּריזמע פון דעם דאָזיקן קינסטלער־רעפּאָרטער. משה רובינשטיינס בוך זאָגט עדות, אַז זיין מחבר באַזיצט די נויטיקע קינסטלערישע אינטואיציע אויפצונעמען אין זיך די אַרומיקע סביבה, און די פעאיקייט זי צוריקצוגעבן דעם לייענער אין באַריכטן פון א קינסטלערישען פאַרנעם.

„מעקסיקאַנער טעמעם" זאָגט אָבער גלייכצייטיק עדות אויף דעם, אַז זיין מחבר איז אויך באַהערשט פון דער נישט וויניקער נויטווענדיקער גייסטיקער אומרו, וואָס צווינגט דעם באמת באַרופענעם שרייבער צו ווענדן זיין בליק און צו ריכטן זיין אויער אַהין, ווו עס רוישט דאָס לעבן מיט אַלע זיינע מענער און אונטערנער, און ווו דער סאָציאַלער פּייזאַזש שימערירט מיט זיין וווּנדערלעכן און אָפטמאָל טראַגישן שפּיל פון ליכט און שאָטן...

# אברהם ווייסבוימס פעליעטאָניסטישער שפּיגל

איינער פון די שווערסטע זשורנאַליסטיש־ליטעראַרישע זשאַנ־רען איז דער פעליעטאָן. דער פעליעטאָניסט איז אין דער זשורנאַליס־טיק דאָס, וואָס דער קאַריקאַטוריסט איז אין דער מאָלעריי. ווען דער קאַריקאַטוריסט נעמט זיך צום מאָלן אַ געוויסן טיפּ, זוכט ער אויס — ווי יעדער קינסטלער איז מחויב צו טאָן — דאָס וועזנטלעכע, דאָס כאַראַקטעריסטישע אין אים. אָבער ער באַגנוגנט זיך נישט בלויז מיט דעם. ער זוכט גלייכצייטיק ארויס דאָס, וואָס ס'איז נישט אינגאַנצן פּראָפּאָרציאָנעל אין זיין טיפּ אין באַצוג צו אַלע זיינע אַנדערע וועזנטלעכע שטריכן, און הויבט עס אַרויס פון דעם אַרום, שטרייכט עס ספּעציעל אונטער און באַאַרבעט עס אַזוי, אַז שפּע־טער, ווען מיר זאָלן זיך אין דעם דאָזיקן טיפּ נישט דערמאָנען, וועט ער זיין איינגעקריצט אין אונזער זכרון טאַקע דורך יענעם איינציקן, שטאַרק אונטערשטראָכענעם און אַ מאָל אויך איבערטריבענעם שטריך. דער קינסטלערישער רעזולטאַט פון אַ גוטער קאַריקאַטור, איז אָפטמאָל, אַז זי מאַכט אַ העלד לעכערלעך, פון אַ גאָט אַ גע־טשקע, פון הייליקן אַ געוויינלעכן בשר־ודם אין זיין גאַנצער מענטש־לעכער שוואַכקייט.

דערפאַר ווערט די קאַריקאַטור אַזוי הויפיג גענוצט אין דער פּרעסע, אין אַלערליי געזעלשאַפטלעכע קאַמפן. דערפאַר איז אויך

דער גוטער, באמת קינסטלערישער קאריקאטוריסט איינער פון די ווײַכטיקסטע קעמפער אויפן גייסטיק־פסיכאלאגישן פראנט אין די אינטערנאציאנאלע מלחמות. איז דען דא א פרייז, וואס געבעלס, דער פירער פון דעם נאצישן פראפאגאנדע־קריג, וואלט נישט געגעבן פאַר־דען סאפ פון דעם געניאלן ענגלישן קאריקאטוריסט דייוויד לאו, וועל־כער איז דער מאנטגעמארי פון ענגלאנדס גייסטיקע וואפן אין דעם איצטיקן וועלט־געראנגל?

א געלונגענער פעליעטאן מוז האבן אין זיך עפעס פון אט יע־נעם סאטירישן עלעמענט, וואס איז כאראקטעריסטיש פאר א גוטער קאריקאטור. ער ברענגט ארויס אין א קינסטלערישער פארם דאס נע־גאטיווע פון דעם באשריבענעם טיפ אדער פון דער געשילדערטער דערשיינונג, אין אזא פארם אז זיי הויבן אן צו ווירקן לעכערלעך. דער גוטער פעליעטאניסט ווייס אזוי גוט איינצושטעלן זיין ליכט און שאטן קאמבינאציע, אז מיט א מאל דערזעען מיר זיינע פערסא־נאזשן אין א ליכט, וועלכע דערלויבט אונז זיי צו באאבאכטן אין זייער גייסטיקער מוטער־נאקעטקייט. פון זייער „אורעאלע״ בלייבט מיט אמאל גארנישט איבער, און דאס, וואס מיר האבן א מאל אפשר וועגן זיי צופעליק און נישט קאארדינירט געטראכט, ווערט מיט א מאל איינגעקריצט אין אונזער מח ווי א פולשטענדיק פארענדיקט בילד. זיי ווערן א באשטאנד־טייל פון דעם אוצר פון מענטשן־טיפן, וואס די צייט האט אנגעזאמלט אין אונזער געדעכעניש.

— 2 —

אין דעם דאזיקן זין איז אברהם ווייסבוימס פעליעטאנען־סעריע וועגן דער „פאמיליע טיניפאצקי״ איינע פון די ווײַכטיקסטע זשור־נאליסטישע דערגרייכונגען אין דער געשיכטע פון דעם היגן יידישן געדרוקטן ווארט.

זיי זענען, קודם־כל, א קולטור־היסטארישער דאקומענט און אויסער דעם א ליטעראַרישער דאקומענט.

א קולטור־היסטארישער דאקומענט איז די דאזיקע סעריע דער־פאר, וואס דורך איר ווערט דער צוקונפטיקער היסטאריקער פון אונ־זער ישוב זיך גרינטלעך באקענען מיט א באדייטנדן שיכט פון דער

היגער יידישער באַפעלקערונג און מיט זיין לעבן און שטרעבן אין די יאָרן פון דעם גרויסן וועלט־אומגליק און דעם יידישן בראַך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ווען צוליב וועלכן ס'איז צופאַל זאָלן פאַרלוירן גיין אַלע עקזעמפּלאַרן פון אונזערע היגע יידישע צייטונגען מיט זייערע אַרשיניקעס, אויף די העכסטע אַקטאַוון שרייענדיקע אָנאָנסן פון תנאים, חתונות, געבורטסטאָגן און אַלערליי אַנדערע שמחות מיט די געשמאַקלאָזע „פּיקטשעס" אַלס באַפּוצונג, און עס זאָלן בלויז בלייבן ווייסבוימס „טיניפאַצקים", וועט ער, דער היסטאָ־ריקער, זיך קענען פולשטענדיק אָריענטירן וועגן דעם ווי אַ גרויסער טייל פון היגן ישוב האָט געטאַנצט אין אַ וואַקכאַנאַליע פון אומענד־לעכן וווילטאָג אויף די חורבות פון אייראָפּעאישן יידנטום.

— 3 —

אַ ליטעראַרישער דאָקומענט איז די דאָזיקע פיינע פעליעטאָנען־סעריע דערפאַר, וואָס ס'איז דעם שרייבער געלונגען צו אַקומולירן און אונטערצושטרייכן אין יעדן פון זיי דאָס אמת און וועזנטלעכע, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר די אַרויסגעבראַכטע טיפּן. ס'איז גאָרנישט נויטיק, אַז די פיר „העלדן" זאָלן זיך טאַקע געפינען הונ־דערט־פּראָצענטיק אין דער ווירקלעכקייט. ס'איז אַבסאָלוט נישט נוי־טיק, אַז מיר זאָלן קענען אַרויסגיין אין גאַס און אָנווייזן מיטן פינ־גער: אָט איז „סעניאָראַ יענטע טיניפאַצקי"; אָט דאָרט גייט איר „האָכגעשעצטער" מאַן „יאַנקל פייפער"; דאָס איז „סעניאָריטאַ טי־ניפאַצקי, אַ פּאָקאַ נאָ?", און אחרון אחרון חביב, יענער איז דער צאַצקעדיקער בחור „סאַלוואַדאָר טיניפאַצקי".

וויכטיק איז דאָס, וואָס טאַטע מאַמע, זון און טאָכטער זענען ליטעראַריש אמת, דאָס הייסט, אַז ווען איר לייענט די דאָזיקע פיר פעליעטאָנען, דערזעט איר פאַר זיך צענדליקער, הונדערטער מענטשן פון אָט די טיפּן. יעדער פון די געשילדערטע מיטגלידער פון דער טי־ניפאַצקי פאַמיליע סינטעטיזירט אין זיך די גרונט־שטריכן פון דער „נייער ראַסע" פון יענע אויפגעקומענע גבירים, וואָס זענען אויסגע־לייזדיקט פון עלעמענטאַרער מענטשלעכקייט, און וואָס דוד איינהאָרן

האָט אזוי פּראכטפול גשילדערט אין זיין „שוואַרץ־רויט" בוך נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג.

ליטעראַריש־וויכטיק זענען וויסבוימס „טיניפּאַצקי"־פּעליעטאָנען דערפאַר, וואָס מ'האָט זיי מיט אזוי פיל איפער געלייענט אין אַלע יידיש־יידישע הייזער אין מעקסיקע; וואָס מען לייענט זיי נאָך (און מ'וועט זיי נאָך לייענען); וואָס מען דיסקוטירט זיי אזוי ליידנשאַפטלעך, ווי וועלנדיק זיך באשיצן קעגן א נישט געמאכטער באַהויפּטונג: „דאָס מיינט מען טאַקע אייך".

— 4 —

ווען א געוויסער נאָמען געגומען פון א פּעליעטאָן, בירגערט זיך אזוי שנעל איין אין דעם באוווסטזיין פון א קבוץ, און עס דערגייט אזוי ווייט, אז מענטשן הויבן אָן צו אידענטיפיצירן די אָדער יענע פון זייערע מיטמענטשן מיט אָט דעם נאָמען, איז עס דער בעסטער באַווייז, אז ער פארקערפּערט אין זיך באשטימטע כאַראַקטער־שטריכען, וואָס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן פאַר א גאַנצן געזעלשאַפטלעכן שיכט.

דאָס איז דער פאַל מיט די „טיניפּאַצקים". זיי זענען אזוי שנעל געוואָרן א באַשטאַנד־טייל פון אונזער פאַרשטעלונגס־קראַפט, טאַקע דערפאַר וואָס אין זיי דערקענען מיר די שאַרף ארויסגעבראַכטע קאַנטורן פון יענע אומצייליקע „פּאַרוועניום", וואָס, האָבנדיק — אומדערוואַרט פאַר זיך אליין — דערגרייכט, טאַקע צוליב דער ספּעציפישער היגער קאָניוקטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דער איצטיקער וועלט־מלחמה, משוגענעם רייכטום און גרענעצלאָזן ווילטאָג, — האָבן זיי ארויסגעוויזן זייער אמתן פּרצוף פון גאָטלאָזע, האַרצלאָזע, מיטליידלאָזע גראָב־הויטיקע פאַרשווינען.

— 5 —

ליטעראַריש־וויכטיק איז די דאָזיקע פּעליעטאָנען־סעריע דערפאַר, וואָס אין איר ווערט אנטבלויזט די טראַגי־קאָמעדיע פון דעם „אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס", וועלכער לייגט זיך ווי א שווערע מאַסע אויף די דאָזיקע פיר פאַרשטייער פון דער „נייער ראַסע", און

לאזט זיי נישט געניסן פון זייער וווילטאָג גאנצע הונדערט פּראָצענט; און ס׳ווערט אויך אין די „טיניפאָצקים״ ארויסגעבראכט די גאַנצע „טראגיק״ פון זייער אומזיכערקייט אין זיך אַליין, וועלכע צווינגט זיי צו זיין אין אַ שטענדיקן געיעג נאָך אַלץ גרעסערן לוקסוס, כדי דורך דעם זיך צו שטעלן אין אַ „פּריווילעגירטער״ לאַגע אין באַצוג צו אַלע אַנדערע „טיניפאָצקים״.

די קולטורלאָזיקייט און שנאה צו קולטור ביי יאַנקל פּייפער וזוגתו יענטע טיניפאָצקי, און די גראָב־יונגישקייט און קולטור־פאַ־ראַזיטישקייט פון די צאַצקעדיקע צוויי קינדער זייערע, איז דורך ווייסבוימען אַזוי גלענצנד ארויסגעבראכט געוואָרן, אַז דאָס אַליין פאַרוואַנדלט זיי אין אַ דענקמאָל פאַר דעם היגן אויפגעקומענעם „טי־ניפאָצקי״־נבירימטום.

ווייסבוים איז טיף־פּסיכאָלאָגיש אריינגעדרונגען אין יאַנקל פּייפערס און יענטע טיניפאָצקים גייסטיקע צושפּאָלטנקייט, וואָס באַשטייט אין זייער נאכאנאנדיקן יאָגן זיך נאָך אַלץ גרעסערן לוק־סוס און אין זייער גלייכצייטיקן נישט וויסן וואָס מיט זיך צו טאָן אין זייערע נייע עקאָנאָמישע אומשטענדן, צו וועלכע זיי זענען פּסי־כיש נישט דערוואַקסן און וועלכע וועקן גאָר אין זיי אַ פאַרבאַהאַל־טענע בענקשאַפט נאָך „אַמאָליקע״ צייטן פון דעם „הערינג מיט ציבעלע״.

— 6 —

אויב די „טיניפאָצקים״ זענען ווערט „פאַרייביקט״ צו ווערן, קען מען זיך קיין בעסערן דענקמאָל פאַר זיי, ווי די פעליעטאָנען־סעריע, וואָס אברהם ווייסבוים האָט זיי געווידמעט, נישט פאָרשטע־לען. זיינע „טיניפאָצקים״ זענען, צוזאַמענגענומען, אַ ביז גאָר פיינע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע שטודיע פון אַ באַדייטנדן שיכט פון דעם מעקסיקאַנער יידישן ישוב; אַ קונסט־פאָטאָגראַפיע פון יענעם — צום באַדויערן — באַדייטנדן טייל פון אונזער ישוב, וואָס פאַר־שאַפט אונז נישט קיין כבוד, און וועלכער שאַפט אונז אָבער מיט זיין אויגן־אויפרייסנדיקן, וואקכאנאַליע — מעסיקן לעבנס־שטייגער, זאָרגן פאַר די מאָרגנדיקע קאָנסעקווענצן פון זייער ווילד־ענאַאיס־טישן היינט.

# די „גאָלדענע יוגנט"

איר האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אייך זאָגן, וואָס איך דענק וועגן אייך און וועגן אייער לעבן און אויסלעבן זיך. טו איך עס איצט, כאָטש אָן באַזונדערן פאַרגעניגן. פאַרוואָס דאָס לעצטע, וועט איר לייכט פאַרשטיין, ווען איר וועט זיך האָבן באַקענט מיט מיינע באָאַבאַכטונגען און שלוסן.

איך וויל אייך גלייך פון אָנהויב פאַרזיכערן, אַז איך וועל צו אייך נישט אָנווענדן דעם מאַסשטאַב פון דער יוגנט פון מיין דור. עס פעלט מיר גאָר נישט איין אייך צו מעסטן מיט דער מאָס פון יענער יוגנט אין די מזרח אייראָפּעאישע שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָט געלעבט אין די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און אין די פיר בלוטיקע יאָרן פון יענעם קריג.

ער פעלט מיר גאָרנישט איין צו וועלן מאַכן וועלכן ס'איז פאַרגלייך אָדער ציען וועלכן ס'איז פּאַראַלעל צווישן מיין דור יוגנטלעכע, וועלכער איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין יידישן לעבן און אינטענסיוו מיטגעלעבט מיט אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט אין דער גרויסער, ברייטער וועלט.

זיי, די יוגנטלעכע פון מיין דור, האָבן געלעבט אַ לעבן פון „שטורם און דראַנג". אַן אינערלעכער פייער האָט זיי נאָכאַנאַנד פאַרצערט, און זייער יוגנטלעכע ענערגיע איז אויסגעברענט געוואָרן הויפּטזעכלעך אין טעטיקייטן, אָפּטמאָל קאַמפּס־טעטיקייטן, פון פּאָליטישן און קולטור־לעבן. ווער אין די יוגנט־אָפּטיילונגען פון די פּאַ־

ליטישע פאַרטייען, וועך אין אומפּאַרטייאישע קרייזן און קרייזלעך, — אָבער גייסטיק האָט זיך כמעט יעדער אויסגעלעבט, און זיך אינטענ־סיוו אויסגעלעבט.

נאַטירלעך איז אויך דאָן אין יעדער יידישער שטאָט געווען אַ געוויסע צאָל, שטענדיק אַ מינדערהייט, פון אַזוי גערופענע טאַטעס זינדלעך, באַלעבאַטישע יונגע לייטלעך, פון וועלכע סאיז באַשטאַנען די „גאָלדענע יוגנט”. דאָס איז געווען יענע מינדערהייט, וואָס האָט באַוויזן צו ווערן טרויעריק־באַרימט און אויף דעם אָדער יענעם אופן, פריער אָדער שפּעטער, בייצושטייערן, און טאַקע גאַנץ שטאַרק, צום „דעביט” פון יידישן געזעשאַפטלעכן לעבן.

— 2 —

די דאָזיקע „גאָלדענע יוגנט” האָט מען געקענט לייכט דערקע־נען, נישט בלויז לויט איר אויסערלעכן אויסזען. לויט איר סופּער־עלעגאַנטער קליידונג, וואָס איז געווען די פּאַרקערפּערונג פון דעם לעצטן וואָרט פון דער מאָדע „שיק”, האָט מען זי דערקענט. ס'איז געווען נאָך אַן אַנדער סמן. ס'איז געווען גענוג, אַז אַ בחור אָדער אַ מיידל פון אָט דער דאָזיקער „גאָלדענער יוגנט” זאָל עפענען דעם מויל, אַז מ'זאָל גלייך זען מיט וואָס פאַר אַ סאָרט טיפּ מ'האָט דאָ צו טאָן.

וואָסזשע האָט מיט זיך, גייסטיק, פאָרגעשטעלט די „גאָלדענע יוגנט?”

5

זין און טעכטער פון רייכע עלטערן, מערסטנטיילס קינדער פון אויפגעקומענע גבירים, וועלכע ס'האָט אינגאַנצן געפעלט געזעל־שאַפטלעכער באַוווסטזיין, און במילא יעדער זין פאַר נאַציאָנאַלער אָדער סאָציאַלער פליכט, — זענען אָט די יונגע לייטלעך און פריי־לינס אויסגעוואַקסן אין אַ פולשטענדיקן „וואַקוּאוּם” וואָס אָנבע־לאַנגט זייער אייגענער סביבה. זייער היים איז געווען אינגאַנצן גאָט־לאָז, אין דעם זין פון וועלכער ס'איז נאַציאָנאַלער אָדער סאָציאַלער אידייע. אויסגעליידיקט פון יעדן גייסטיקן אינהאַלט, האָט די „גאָל־דענע יוגנט”, מיט דער ברכה פון די טאַטע־מאַמעס, געדינט צו דער „אידייע” פון „פרעס, זויף און געניס די תענוגים פון קאַבאַרעט!”

אין דער זעלבער מאָס, ווי פאַר די עלטערן פון אַט די „בעלאַבאַטישע יונגע לייטלעך" איז די העכסטע דערגרייכונג געווען אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט „נאַטשאַלסטוואָ" און באַערט צו ווערן דורכן באַזוך פון אַ פּריסטאַוו אָדער פּאָליצמייסטער, איז פאַר דער יידישער „גאָלדענער יוגנט" געווען דער העכסטער שטאַפּל פון דערגרייכונג צוגעלאָזן צו ווערן אין דעם קרייז פון דער קריסטלעכער „גאָלדערנער יוגנט" און צו האָבן דעם כבוד צו קענען געניסן פון דער קאַבאַרעטן־אַטמאָספערע אין דער געזעלשאַפט פון נישט־יידישע לעבע־יונגען און צולאָזענע גויאישע „באַלעבאַטישע טעכטערלעך".

דער וווּלגאַרסטער טיפּ פון אַסימילאַציע: פון בלויז אויבערפלעכלעכער שפּראַך־אַסימילאַציע, איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַט דער „גאָלדענער יוגנט". זי האָט אויף יידיש געקוקט פון אויבן אַראָפּ, און רעדנדיק די לאַנד־שפּראַך, האָט זי איר וווּלגאַריטעט, אויסגעדריקט אויף עפּעס אַ מין זשאַרגאָן, וואָס איז געווען אַ באַליידיקונג פאַרן אויער פון אַ מענטש מיט וועלכן ס'איז חוש פאַר שפּראַך, סעמיאָן יושקעוויטש האָט מאַנכע פון אַט די טיפּן „פאַרייביקט" אין דער רוסישער ליטעראַטור.

— 3 —

אַלץ וואָס דער באַגריף פון ניהיליזם אין זיין אומסימפּאַטישסטער פאָרם, נעמט אין זיך אריין, האָט די „גאָלדענע יוגנט" מיט זיך פאַרקערפּערט. זי האָט נישט געגלויבט אין קיין שום העכערע ווערטן. נישט נאָר האָט זי אַליין קיין גלויבן נישט געהאַט, נאָר זי האָט אָפּגעשפּאָט פון אַלערליי אויסדרוקן פון אידעאַליזם ביי אַנדערע. די „גאָלדענע יוגנט" איז געווען ציניש, גרויזאַם־ציניש צו אַלץ, וואָס איז שיין און איידל אין גייסט.

פאַר איר איז די „איינגעשטעלטע אָרדנונג" פון סאָציאַלער און פּאָליטישער רעאַקציע געווען די אידעאַלסטע. און זי האָט זיך געקענט דערלויבן חוזק צו מאַכן פון פּאָליטישע אַרעסטירטע, ווען מ'האָט זיי געפירט איבער די גאַסן פון טורמע אין געריכט אריין. ס'איז נישט קיין צופאַל, וואָס אין די אַרמייען פון קאָלטשאַק, יודעניטש, דעניקין און וראַנגעל האָט זיך געפונען אַ גאַנץ באַדייטנדע

צאָל פון „גאָלדענע יונגעליטלעך". ביי אַט דער „גאָלדענער יוגנט" האָט נישט עקזיסטירט דער קולט פון ארבעט. ארבעט, ווי אַ לעבנס־באַוויזנדער פּראָצעס, איז איר געווען אינגאַנצן פרעמד. זייענדיק אַליין פאַרזאָרגט מאַטעריעל „מיט אַלדעם גוטן". און נישט האָבנדיק געהאַט נויטיק אין זייער גאַנצן פריערדיקן לעבן „אַריינצוטאָן אַ האַנט אין קאַלטן וואַסער", זענען אַט די מענטשן־טיפּן אויסגעוואַקסן מיט דער איבערצייגונג, אַז זייער אַרט לעבן איז דער נאָרמאַלער און גערעכטער, און אַז די אַלע, וואָס קענען אַזאַ לעבן פון פאַרזאָרגטן פּוסט און פּאַס אַרומגיין נישט פירן, זענען לאָ יוצלח'ס, אומצופרידענע שלים־מזל'ען.

זייער וועלט־אַנשויאונג, אויב מ'קען איבערהויפּט רעדן וועגן אַזעלכער אין באַצוג צו דער „גאָלדענער יוגנט", איז געווען: „דאָס לעבן נישט אַלס פליכט, נאָר אַלס פאַרגניגן!" מעג מען אויף די גאַסן בויען באַריקאַדן, מעג אַ רעוואָלוציע פאַרפלייצן די שטעט און דערפער פון לאַנד, — די „גאָלדענע יוגנט" פייערט אין די קאַבאַרעטן דעם פערמאַנענטן יום־טוב פון איר גאָט: באַקכוס. מעג זיך פון די מלחמה־פראָנטן דערקייקלען דאָס דונערן פון די האַרמאַטן, מעג אַרום און אַרום די לופט זיין פול מיט דעם קרעכצן פון טויזנטער פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן; מעג זיך פון אַלע טיילן שטאָט דערטראָגן דאָס געוויין פון אַלמנות נאָך זייערע מענער, וואָס זענען געפאַלן אין שלאַכט, — דער „גאָלדענער יוגנט" גייט דאָס אַלץ גאָרנישט אָן.

זי, די „גאָלדענע יוגנט" איז פאַרטאָן אין קאַבאַרעטן, צירקן, פערד־געיעגן, אַלערליי ספּאָרט־מאַניפעסטאַציעס, האַזאַרד־שפּילן, אין אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט „וויין, ווייב און געזאַנג".

— 4 —

די „גאָלדענע יוגנט" איז מאָראַליש אַטראָפירט. ס'קען אויך אַנדערש נישט זיין, ווען דער מאָמענט פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אינערלעכער צוגעבונדנקייט צו אַ פאָלק, און פון פאַראַנטוואָרטונג פאַר זיין שיקזאַל און פון סאָלידאַריטעט מיט זיין גורל, פעלט, — מוז זיך אַט דאָס פעלן אויסווירקן אין דעם גאַנצן צוגאַנג צום לעבן פון דעם איינצלנעם. ער מוז דאַן ווערן אַן אַמאָראַלישער עגאָצענטריקער.

די „גאָלדענע יוגנט" איז, פּאָטענציעל, אַ צושטערנדער עלע־מענט אין פאָלקס־לעבן. ס'פעלט איר גייסטיקע „סטאַמינאַ", אַ רוקן־ביין. נישט האָבנדיק אליין דיסציפּלינירט און סיסטעמאַטיש געהאָ־רעוועט כדי זיך צו פאַרשאַפן מאַטעריעלן רייכטום, און נישט האָבנ־דיק אליין געהאַט נויטיק, אָדער געווען געצוווּנגען, צו מאַכן יועלכע ס'איז שטאַרקע גייסטיקע אָנשטרענגונג, — איז זי שפּעטער נישט נאָר נישט פעיאיק מיטצוווירקן פּאָזיטיוו אין גזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר ווירקט ווי אַ דעמאָראַליזירנדיקער פאַקטאָר אין יעדן געזעל־שאַפטלעכן קרייז, וואָס האָט דעם אומגליק „באַגליקט" צו ווערן מיט דער אָנוועזנהייט פון דעם דאָזיקן, גייסטיק, שטאַרק דעגענערירטן מענטשן־טיפּ.

# „וואָס גייט עס מיך אָן?״

די בלוטיקע איראָניע פון שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז אין די זעכ־צעבע פינף יאָר, ווען וועלטן זענען חרוב געוואָרן אין דעם אַפּאָקאַליפּ־טישן געראַנגל אויף די פאַרשידענע שלאַכטפעלדער, און פינף מיליאָן פון אונזערע ברידער אין אייראָפּע זענען אכזריותדיק אויסגעמאָר־דעט געוואָרן פון חיות אין מענטשלעכן געשטאַלט אין אַלערליי טרעב־לינקאַס, אַסוויענטשימס און מײדאַנעקס, — זאָל גאָר דאָ אין מעק־סיקע, צוליב אַ גאַנצע רייע ספּעציפישע סבות און אומשטענדן, גע־שאַפן ווערן אַ קאָניונקטור, וואָס האָט אַריינגעשפּילט אין די הענט אַריין אייערע עלטערן, וועלכע זענען כמעט אַלע קרעמער און באַ־דייטנדערע סוחרים, ווי אויך קלענערע און גרעסערע פאַבריקאַנטן. ווער פון זיי ס'האָט געהאַט געגוגנדע לאַגערן פון רוי־מאַטעריאַל אָדער פאַרטיקע סחורה, און ווער פון זיי ס'האָט גלאַט אַזוי זיך גערן געלאָזט אַריינעמען אין דעם „פרייליכן״־טאַנץ פון די פרייזן, אָבער אַלע האָבן זיי אין די דאָזיקע פינף יאָר פילפאַך פאַרגרעסערט זייער פאַרמעגן. מענטשן, וואָס זענען מיט פינף יאָר צוריק געשטאַנען פאַר באַנקראָט, אָדער האָבן שוין פאַקטיש געהאַט באַנקראָטירט, זענען אַרויס פון דעם דאָזיקן פינף־יאָר פּעריאָד מיט ריזן־געשעפטן און פיל־שטאָקיגע הייזער. אנאַלפאַבעטן האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן טשעקן אויף הונדערטער טויזנטער פּעזעס.

כמעט איבער נאַכט זענען אויסגעוואַקסן ריזן־פאַרמעגנס, ווע־מענס באַלעבאַטים זענען, פּסיכאָלאָגיש, אַבסאָלוט נישט געווען צו־

געגרייט זיך אין זיי „אריינצולעבן“, דאָס הייסט אויפהיטן מאָס און פּראָפּאָרץ אין דעם אופן פון לעבן און פון דעם אויסלעבן זיך כלפּי פּנים און כלפּי חוץ.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן די וואַקכאַנאַליע פון דעם „טיניפּאַצקיזם“. מאַכט אַ וואַרע, דער פּארוועניו גייט! סנאָביזם האָט טריאומפירט אויף דער גאַנצער ליניע. אַ קאָנקורענץ האָט זיך אָנגעהויבן, ווער ס'וועט מער די אויגן אויפרייסן ביי די ארומיקע באַאָבאַכטער מיטן געשמאַקלאָזן לוקסוס אויף יעדן געביט.

פּונקט אזוי ווי פאַר ווילהעלם דעם לעצטן פון דייטשלאנד, האָט דער מענטש אָנגעהויבן זיך ערשט פון דעם, וואָס האָט באַזעסן דעם טיטל באַראָן, אזוי האָט ביים גרעסטן טייל פון אונזער ישוב מענטשלעכע ווירדע אָנגעהויבן זיך אויסצודריקן בלויז אין באַנק־טשעק ביכלעך. מ'האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן אַלס אָנגעזען די יענע טשעקביכלעך באַזיצער, וואָס האָבן זיך געקענט פאַרגינען דעם לוקסוס צו פאַרשפּילן אין איין נאַכט סומעס וואָס האָבן דערגרייכט צו פיר „זעראָס“. אַ נייע ערא האָט זיך אָנגעהויבן: דעם „אַלרייטניקס“ ערא פון „ויהי ערב ויהי פּויקער“. און אַן אויסדרוק פון אָט דער ערא פון דער נייער ראַסע „מלחמה־גבירים“, זענען געווען די בעלער אין די גרעסטע קאַבאַרעטן, די געבורטס־טעג, פון פּופּצן יאָריקע מיידלעך ביז איין יאָריקע קינדער; די פאַרשידנסטע „חנוכת הבית“: פון פּאַלאַצן מיט צענדליקער צימערן, ביז שווים־בעדער, וואָס קענען קאָנקורירן אין לוקסוס מיט די פון די אַמאָליקע רוימישע פּאַטריציער.

און דערצו איז אַ עפּעס אַ משונה'דיקע אומרו באַפאַלן די נייע פּאַטענטאַטן. נאָר מ'פאָרט ארום. ווראַקרויז און קוערנאַוואַקאַ, קואַאוטלאַ און אַקאַפּולקאָ און סאַן כאָסע פּאָרוא. מ'פאָרט ווייל מ'איז „מיד“ און „מ'דאַרף זיך אָפּרוען“; און מ'פאָרט אויך ווייל מ'איז מיד פון דעם רוען. און ועל כולם געהערט צום „גוטן טאָן“ זיך דורכצופאָרן. קיין ראָטשעסטער, צו די „מעיאָ בראָטערס“...

אויסגעבן וואָס מער געלט איז געוואָרן אַ סמן פון דעם נייעם יחוס. קענען זאָגן: „וואָס פאַרגלייכט איר אייער אויטאָ צו־מיינעם?“, איז געוואָרן אַ שטריך פון „בעסערע מענטשן“. עפּעס איז געוואָרן אַן עפּידעמישער פאַרלאַנג „אריינצוכאַפּן“ די וועלט, זיך לאָזן ווייל־גיין אין יעדער הינזיכט, און... „נאָך מיר מעג קומען דער מבול“.

וואָס איז דען שוין פּאַר אַ וווּנדער, וואָס אין דער דאָזיקער וואַק־כאַנאַליע געפינען זיך אויך מענטשן, וואָס זייער נשמה פאַרדעקט זיך מיט אַ וואָלקן, ווען, לויט די „קעפּ" אויף די ערשטע זייטן פון די צייטונגען (מער אינטערעסירט זיי נישט), דוכט זיך זיי, אַז די מלחמה האַלט זיך שוין ביים ענדיקן?

— 2 —

צו וואָס האָב איך אייך, מיינע יוגנטלעכע פריינט, דאָס אַלץ דערציילט? כדי צו געבן אייך דעם הינטער־גרונט פון דער היים און פון דער געזעלשאַפטלעכער סביבה, אין וועלכער דער ווייט־גרעסטער טייל פון אייך האָט געלעבט אין די לעצטע פינף יאָר, וועלכע זענען פּאַר אַ סך פון אייך געווען די קריטישע איבערגאַנגס־יאָרן פון אַדאָ־לעסצענץ צו יוגנט, ווען ס'אַרבעטן זיך אויס די וויכטיקסטע פאַקטאָ־רען פון וועלט־אַנשויאונג.

מיט דעם דאָזיקן הינטערגרונט ווערן פאַרשטענדלעך אַ סך זאַכן אין אייער אויפפירן זיך און אין אייער באַנעמען געשעענישן און דערשיינונגען. ס'ווערט פאַרשטענדלעך אייער האַרטנעקיגער „סע מע אימאָפּרטאַ?" — „וואָס גייט עס מיך דען אָן?", וואָס מ'הערט פון אייך אַזוי אָפט, ווי ס'קומט נאָר אויס צו רעדן וועגן יידישע ליידן, וועגן יידישן חורבן, וועגן יידישע פּראָבלעמען בכלל. פון וואַנען זאָלט איר דען טאַקע וויסן וועגן טרעבלינקאַ און מיידאַנעק, און פאַרוואָס זאָל עס דען אייך דאָס אַלץ ווי טאָן, — אַז אין דער היים האָט מען עס אייך נישט דערציילט און אַז קיין יידישע צייטונגען לייענט איר נישט, און יידיש קענט איר נישט און ווילט נישט קענען?

מ'הויבט אָן צו פאַרשטיין פאַרוואָס די איצטיקע וועלט־קאַ־טאַסטראָפע איז אייך אַזוי מורא'דיק פרעמד. ווי זאָל זי אייך דען אָנגיין, אַז אייער גאַנצער אינטערעס, ווען איר עפנט די מעקסיקאַ־נישע צייטונגען, איז קאָנצענטרירט בלויז אויף אָקסן־קאַמף, פערד־געיעג, פוטבאָל, „באָקס" און די קרימינעלע כראָניק? אַז די ערשטע סעקציע פון די צייטונגען, די פּאָליטיש־אינפאָרמאַטיווע, עקזיסטירט אינגאַנצן נישט פאַר אייך. דאָס איז פולשענדיק אין איינקלאַנג מיט אייער „סע מע אימפּאָרטאַ?" — געזינונג.

ס׳וועט אויך פארשטענדלעך אייער אפגרונט־טיפע איגנאראנץ פון דעם אלגעמיין־יידישן און אויך פון דעם מעקסיקאנישן לעבן. וואס ווייסט איר פון יידישקייט? וואס ווייסט איר פון מעקסיקע? פון „יידישקייט״ ווייסט איר בלויז איין זאך: ארייגצוקוקן אין די שבת־דיקע נומערן פון די היגע יידישע צייטונגען, כדי — אפטמאל בלויז לויט די „פיקטשעס״ — צו זען ווער ס׳האט חתונה געהאט און וועל־כע מיידל ס׳האט געפראוועט דעם פופצנטן געבורטס־טאג, ווי אויך ווער ס׳זענען געווען די סוויטע פון „טשאמבעלאנעס״. און פון מעק־סיקאנער לעבן, ארויפרעכנענדיק די אדרעסן פון אייערע געשעפטן, פאבריקן אדער לערן־אנשטאלטן ווו איר „שטודירט״, וואס ווייסט איר דען מער ווי די אדרעסן פון די „קינאס״? וועלכע זענען דער אייערע וויכטיקסטע פראבלעמען, אויב נישט די, וואס באציען זיך אויף א „לידיקן״ אוונט, דאס הייסט א אוונט, ווען איר ווייסט נישט, וואס מיט זיך צו טאן, ווייל איר האט שוין געזען אלע „עסטרענאס״ (פרעמיערן) אין דער גאנצער שטאט און „אומגליקלעכערווייזע״ איז היינט גראד א „נאטשע סין עסטרענא״? איז עס דען א צופאל, אז ווען ס׳איז אימיצן איינגעפאלן צו פרעגן איינעם פון אייך וועגן דאס־טאיעווסקיס באריטמטער נאוועלע „פארברעכן און שטראף״, האט אים יענער, קוועטשנדיק מיט די פלייצעס, געענטפערט: „איך דערמאן זיך נישט, אז איך זאל האבן א מאל געזעען אזא פילם״...

— 3 —

„די וועגט זענען פון עלפנביין
מיט גאלדגעקאוועטע שטאבעס.
איך וויל נישט הערן דאס געוויין
פון טויטע זיידעס און באבעס״.

איר פארשטייט געוויס דעם מיין פון די דאזיקע פערזן. דאס מיינט מען אייך, וואס, אין א געוויסער מאס, זענט איר אויף דעם היגן באדן די יורשים פון די „מעלות טובות״ פון דער אמאליקער „גאלדענער יוגנט״ אין די יידישע שטעט פון מזרח אייראפע. ווי קענט איר דען וועלן הערן געוויין? ווי זאלט איר דען וועלן זיך צו־

הערן צום יאָמער, וואָס טראָגט זיך פון אַלע עקן וועלט? ווי קענט איר דען פאַרגעסן דעם אומענדלעכן צער, וואָס גייט אויף פון יענע ערטער, וואָס זענען אַמאָלי געווען בליענדע יידישע ישובים אין אייראָפּע?

ניין, איר קענט עס נישט, ווייל אייער האַרץ און מח, און אייער גאַנצער וועזן זענען אויסגעפּילט בלויז מיט צוויי באַגריפן:

„איך און מיין פאַרגעניגן", און „קע מע אימפּאָרטאַ?".

איר זענט אַזוי פאַרטאָן מיט אייער ביסעלע „עולם הזה", אַז איר זענט טויב און בלינד צו דער גרויסער וועלט, וועלכע גייט אָפּ אין טויט־אַנגסטן פון דעם גרעסטן געראַנגל אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

און דאָך... און דאָך, כאָטש אייך דוכט זיך, אַז איר האָט, ווי מ'זאָגט עס פאָלקסטימלעך, „אָנגעכאַפּט גאָט פאַר דער באָרד"; אַז פאַר אייך עקזיסטירן נישט קיין שום פּראָבלעמען, און אַלץ איז „גוט אין דער דאָזיקער בעסטער פון אַלע וועלטן", — מאַכט איר ערשט אַ גרויסן טעות, איר לעבט, ווי די אַנגלאָ־זאַקסן זאָגן עס, „אין דעם נאַרס גן־עדן", און אייער אומבאַגרענעצטער אָפּטימיזם איז געבויט אויף זאַמד.

# „קווא וואדים?״

איך האַלט נישט שטאַרק פון דעם ווערטל, אַז „אַ גאַסט אויף אַ ווייל, זעט אויף אַ מייל״. איך גלויב אָבער, אַז אַ לענגערע צייט פון טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט מיט אַ גרופּע מענטשן גיט יאָ די מעגלעכקייט איר געניי צו דערקענען און אַריינצודרינגען אין איר וועזנטלעכען גייסטיקן כאַראַקטער.

איר האָט מיר געגעבן אָט די געלעגנהייט און איך האָב זי אויסגענוצט. און וואָס לענגער איך האָב אייך אָבסערווירט, אַלץ מער האָט זיך אין מיר פאַרוואָרצלט דאָס געפיל, אַז נישט שטראָפן, נישט טאַדלען דאַרף מען אייך, נאָר, אַז מ׳דאַרף מיט אייך האָבן מיטלייד.

טאַדלען, דאָס הייסט שטראָפן מיט ווערטער, איז אין גאַנצן נישט אויפן פּלאַץ אין אייער פאַל, ווייל געוויינלעך טאַדלט מען אַ מענטשן אָדער אַ גרופּע מענטשן פאַר זייערע האַנדלונגען אָדער פאַר זייער אויפפירונג, אין דעם פאַל, ווען לויט זייער גאַנצער אַנטוויקלונג אָדער גייסטיקער איינשטעלונג האָט מען געקענט דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן אַזוי נישט האַנדלען אָדער זיך אַזוי נישט אויפפירן. דאָס הייסט, מיר רופן צו אַ געווייסער מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטונג בלויז אַזאַ מענטשן אָדער אַזאַ גרופּע מענטשן, פון וועלכע מיר קענען דערוואַרטן מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטונג, אַלס רעזולטאַט פון באַוווּסטזיניקייט.

מיט אייך, מיינע ליבע פריינט, איז אָבער די לאַגע אינגאַנצן אַן אַנדערע. וואָס מער איך האָב זיך צוגעקוקט צו אייך, אַלץ מער האָט

זיך אין מיר געשטארקט די איבערצייגונג, אז איר זענט נישט באַ־ווסטזיניק אין אייער לעבנס־אויפפאסונג, און במילא אויך נישט אין אייער אַלגעמיינעם אויסלעבן זיך. איז דערפאַר שוין קלאָר, אַז איר זענט ווערט נישט געטאדלט צו ווערן, נאָר אַז מ'זאָל זיך באַציִען צו אייך מיט אַ געוויסער מאָס מיטלייד.

ס'איז דאָ אַן אַנדער יידיש ווערטל, פון וועלכן איך האַלט גראָד שטאַרק, און דאָס איז: „אַז גאָט וויל אימיצן שטראָפן, נעמט ער ביי אים צו דעם שכל". איך וויל מיט דעם חס וחלילה נישט זאָגן, אַז אימיצער פון אייך איז נישט גענוג קלוג. אומגעקערט, יעדער פון אייך איז זיך אַ ווילער און קלוגער בחור. וואָס איך וויל יאָ זאָגן, איז, אַז עס פעלט אייך שכל אריינצוטרעטן אין דערוואַקסענעם לעבן ווי יידישע יונגעלייט, פאַר וועלכע דאָס לעבן האָט צוגעגרייט ספּעצי־פישע פּראָבלעמען, און וועמען עס וועט אויסקומען אויסצוטראָגן זייער עקזיסטענץ אין ספּעציפישע באַדינגונגען, וועלכע איר האָט אין אייער עלטער (פון 18־19 יאָר) שוין געדאַרפט אויסגעצייכנט קענען, און וועלכע זענען אייך נאָך אָבער, צום באַדויערן אינגאַנצן אומ־באַקאַנט.

איינגנטלעך, ווען מ'זאָל דעם ערשטן, בעסטן פון אייך פרעגן פאַר וואָס אין דער איצטיקער צייט, וואָס איז אַזוי פול מיט געפאַרן, לעבט ער אינגאַנצן אָן חשבון, וועט ער, ערשטנס, זיך פאַרווונדערן, ווייל נישט ער האָט זיך ביז איצט אַ מאָל פאַרטראַכט וועגן געפאַרן, נישט ער זעט זיי אַרום זיך אפילו איצט, ווען וועלטן גאַנצע ווערן חרוב; צווייטנס, וועט ער קאַטעגאָריש באַהויפּטן, אַז ער לעבט יאָ מיט חשבון. ער האָט, וועט ער זאָגן, גאַנץ באַשטימטע פּערספּעק־טיוון אויף די צוקונפט.

— 2 —

וועלכע זענען עס אָט די פּערספּעקטיוון?

נאָך עטלעכע יאָר, לאָמיר זאָגן צווישן צוויי און דריי, פון דעם איצטיקן, אַזוי זאָרגלאָזן און „אינטערעסאַנטן" לעבן וואָס באַשטייט אין אַרבעט ביים טאַטן אין געשעפט אָדער פאַבריק, אָדער מסחר אויף אייגענער רעכנונג; אָדער שטודיום אין אַ העכערער שולע, און

דערצו כמעט טאָג־טעגלעכער באַזוך אין „קינאָ" און וואַכנטלעכע אָנ־ווענהייט אין פאַרשידענע ספאָרט־שפּילן, אַפּטע געבורטסטאָגן, „פיעסטאס" און „פיעסטעסיטאס", אַלערליי „טערדאנסאנטעס", שפּאַ־צירן און לוסט־רייזעס אין אייגענע אויטאָמאָבילן, —

דאָן, דאָס הייסט אין אַ צוויי־דריי יאָר אַרום, וועט קומען די צייט התונה צו האָבן. דאָס איז, לויט דער מיינונג וואָס הערשט צווישן דער גרעסטער צאָל פון אייך, קיין פּראָבלעם נישט. איר ווייסט, אַז אין יעדן יידישן הויז, וווּ ס'זענען דאָ מיידלעך אין חתונה־עלטער (דאָס הייסט פון דעם מאָמענט אָן, ווען ס'איז געפּראַוועט געוואָרן מיט פּאָמפּע און מיט „פּיקטשעס" אין די שבתדיקע נומערן פון די היגע צייטונגען, זייער פופצענטער געבורטסטאָג), איז אויך צוגע־גרייט פאַר אייך אַ היפּשער נדן, וועלכער טאָר זיך נישט אָנהויבן ווייניקער ווי מיט פיר, און אפשר טאַקע מיט פינף נולן. דערצו קומט נאָך צו דער לוקסוספולער אויסשטייער און — אחרון אחרון חביב — דער פיינער אויטאָמאָביל, טאַקע פון גאָר לעצטן יאָר.

וואָסזשע פעלט אייך דען? דער גרויסער נדן איז געזיכערט. ביי אַ סך פון אייך איז אַפילו אויסגעאַרבעט אַ טאַריף: אַ סוחר אַזויפיל, אַ פאַבריקאַנט אַזוי פיל, אַ דאָקטאָר, אַ אינזשעניער, אַ כימיקער, און אַזוי ווייטער, אַזוי פיל. און דערצו נאָך אַ ווילע כלה. באמת, אַלע אייערע פּראָבלעמען זענען געלייזט...

— 3 —

דערלויב זשע מיר, ליבע פריינט, צו ציטירן דעם באַרימטן לאַ־טיין־אַמעריקאַנישן פּאָעט רובען דאַריאָ. דער פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט (וועלכער האָט רעגירט אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין דעם ערשטן יאָר־צענדליק פון איצטיקן יאָר־הונדערט און פאַרקערפּערט דעם העכסטן גראַד פון דעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, אַנווענדנ־דיק צו די שוואַכערע לאַטיין־אַמעריקאַנישע מלוכות די פּאָליטיק פון „שטאַרקער פּויסט") האָט איינמאָל, אין זיינער אַ רעדע, זיך באַרימט, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן געלייזט אַלע זייערע פּראָבלעמען, און אַז די אַמעריקאַנער פעלט גאָרנישט צו זיין אַ פּערפעקט פאָלק. דאָן האָט רובען דאַריאָ, דער „פּרינץ פון דער שפּאַניש־אַמע־

ריקאַנער פּאָעזיע" אָנגעשריבן זיין שפּעטער באַרימט־געוואָרענע „אָדע צו רוזוועלטן". דאָס דאָזיקע געדיכט, וועלכן ס'איז באַשערט געוואָרן צו ווערן דער פּערמאַנענטער פּאָעטישער פּראָטעסט־מאַניפעסט פון לאַטיין־אַמעריקע קעגן דעם אימפּעריאַליזם פון די פאַריייניקטע שטאַטן, ענדיקט זיך מיט די פאָלגנדיקע ווערטער פון אוניווערסאַלן פאַרנעם:

„און איצט, אַז איר האָט שוין אַלץ,
פעלט אייך בלויז איין זאַך:
אַ גאָט אין האַרצן".

איך האָב אייך, מיינע ליבע פריינט, דערציילט די דאָזיקע געשיכטע מיט רובען דאַריאָ, ווייל, (האָבנדיק אין זינען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, די נויטיקע פּראָפּאָרציע) קען מען זאָגן, ווי עס זינגט זיך אין דעם יידישן פאָלקס־ליד: „ברידער, דאָס מיינט מען טאַקע אייך".

אייך, מיינע יונגע פריינט, פעלט אַ גאָט אין האַרצן. איר זענט נישט באַהויכט פון קיין שום אידעאַל. איר קענט נישט זאָגן צוזאַמען מיט דעם גרויסן, נישט לאַנג צוריק פאַרשטאָרבענעם דיכטער משה נאַדיר: „די וועלט טוט מיר וויי!". ס'מאַטערט אייך נישט קיין שום אינערלעכע אומרואיקייט (אויב מ'זאָל נישט רעכענען געוויסע אויסדרוקן פון ריין ביאָלאָגישער „ראָמאַנטישקייט", וואָס גייט צוזאַמען מיט אייער איצטיקער עלטער). אייער גייסטיקע וועלט איז מיקראָסקאָפּיש־קליין און אייערע „זאָרגן" זענען פון נישטיקער וויכטיקייט.

מיט איין וואָרט, מיינע ליבע פריינט, איר טוט מיר באמת לייד, ווייל: „געבענטשט איז דער, וואָס איז אין זיין יוגנט יונג געווען", און איר, זענט עס נישט. יונג זיין איז עפּעס מער ווי אַ ריין פיזישער צושטאַנד. יונג זיין הייסט זיין פול מיט רעבעלישן גייסט, זיין פול מיט אַ ברענענדיקן ווילן צו שאַפן נייע ווערטן, זיין איבערצייגט, אַז די צוקונפט מוז זיין שענער ווי די פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט.

איר, ליבע פריינט, זענט גייסטיק נישט יונג. איר וועגעטירט און ווייסט עס נישט. אייך פעלט ראָמאַנטיק (נישט אין דעם וווּלגאַרן זין פון פלירטעוועז און „ראָמאַנסירן", נאָר אין דעם זין פון נעגירן די פּראָזאַישקייט פון דער קליין־בירגערלעכער אַלטעגלעכקייט).

אייער זעלבסטצופרידנקייט איז דער סינאָנים פון באַנאַליטעט. צו וואָס שטרעבן צו באַנייאונג, אז אַלץ איז גוט אזוי ווי עס איז? אָבער אין דער זעלבער צייט צווינגט אייך אייער איבערזעטיקטקייט צו זוכן נאָכאַנאַנד „נייקייט", עפּעס אזוינס, וואָס זאָל קיצלען אייערע נערוון און, פון צייט צו צייט, אויך אייער סענטימענטאַליזם (ווי, צום ביישפּיל מאנכע „רירנדע" פילמען אין „קינאָ").

אזוי זעט איר גייסטיק אוים אין אָנהויב פון 1945, ווען די וועלט שטייט פאר די קריטישסטע אנטשיידונגען אין איר געשיכטע און דאָס יידיש פאָלק, אייער פאָלק, האָט אָפּגעשלאָסן דעם יאָר, וואָס האָט זיך נאָר וואָס פארענדיקט, מיט א באַלאַנס פון פינף מיליאָן דערמאָרדעטע ברידער און שוועסטער, און הויבט אָן דעם נייעם יאָר מיט א גרויסן, טראַגישן פראַגע־צייכן פון „מאין יבוא עזרי?"

מיינט איר, מיינע ליבע יונגנטלעכע פריינט, אז דאָס אַלץ האָט גאָרנישט קיין שייכות צו אייער לעבן, צו אייער צוקונפט?

מיינט איר באמת, אז אייערע איצטיקע טעג, וואָכן און חדשים וועלן זיך אזוי ציען אייביק? דענקט איר, אז די כוואַליעס פון דעם ווילד־צושטורעמטן ים, וועלכער הייסט וועלט־קריג נומער צוויי און סאָציאַלע קאָנוווּלסיעס פון דער נאָך־מלחמה צייט, וועלן צו אייך אינגאַנצן נישט דערגיין? האָט איר קיינמאָל נישט געהערט פון א סאָציאַלער פראַגע, פון א נאַציאָנאַלער פראַגע און ספּעציעל פון יידישע פּראָבלעמען?

אויב אזוי, טוט מיר זייער לייד, ווייל איך וועל מוזן צושטערן א היבש ביסל פון אייערע אילוזיעס. איך וועל אייך מוזן אויפקלערן דעם זין פון די ווערטער, אז איר לעבט „אין דעם נארס גן עדן" און אז אייער גרעניצלאָזער אָפּטימיזם איז געבויט אויף זאמד. און איר וועט מיך שוין פאר איינוועגס מוזן אנטשולדיקן, ווען איך וועל אייך באַווייזן, אז איר לעבט גאָר אויף א ווולקאַן, צו וועמענס אונטערערדישע דונערן איר זענט טויב.

# אייערע עלטערן זענען שולדיק

וואָס מער איך טראַכט וועגן דעם, פאַרוואָס איר זענט אַזוי ווי איר זענט, דאָס הייסט, אַזוי ענג־צענטריש, אידייענלאָז און במילא פולשטענדיק רוי אין נאַציאָנאַלן אָדער סאָציאַלן זין, — אַלץ טיפער ווערט מיין איבערצייגונג, אַז אייער אומגליק שטאַמט פון דער סביבה, אין וועלכער איר זענט אויסגעוואַקסן און זיך גייסטיק פאָרמירט.

איך האָב נאָר נאָר וואָס באַנוצט דאָס וואָרט אומגליק, וועלנדיק כאַראַקטעריזירן אייער גייסטיקע סיטואַציע. איך האָב עס געטאָן מיטן פולן באַוווסטזיין, אַז די געדאַנקן־וועלט, אין וועלכער איר לעבט איצט, איז אַן אומגליק פאַר אייער פּערזענלעכער צוקונפט, און אַ גע־פאַר פאַר דעם היגן ישוב אין אַלגעמיין.

איר זענט דער פּראָדוקט פון אַ סביבה, אין וועלכער אומדער־וואַרטעטע פריערדיקע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן און אַ משונהדיקע מלחמה־קאָניונקטור דאָ אין דעם אַצטעקן־לאַנד, האָבן ביינעטראָגן צו דעם מעטעאָרישן אויפשטייג פון אַ לעבנס־שטייגער, פאַר וועלכן מיר געפינען די בעסטע כאַראַקטעריסטיק אין די ווערטער פון תנ״ך:

— וישמן ישורון ויבעט.

— 1 —

איר האָט אין אייער לעבן נאָך נישט געליטן קיין פאַרפאָלגונ־גען פון דרויסן אָדער עקאָנאָמישע נויט, און אייערע עלטערן האָבן

מיט אַלע כחות געזוכט צו פאַרהיטן, אַז איר זאָלט איבערהויפּט נישט וויסן פון קיין שום באַמיאונג אָדער אָנשטרענגונג. דאָס, וואָס זיי האָבן אפשר אַ מאָל נישט געהאַט דערעסן אָדער נישט דערטרונקען אין די שטעט און שטעטלעך פון דער אַלטער היים, האָבן זיי געוואָלט קאָמפּענסירן מיט „אַריינשטאָפּן" אין אייך, דאָס, וואָס זיי האָבן אַמאָל געמוזט שווער האָרעווען אויף יענער זייט ים, האָט געפונען אַ „קאָמפּענסאַציע" אין דעם, וואָס צו אייער באַפעל האָט איר דינער־שאַפט, וועלכע פאַרשפּאָרט אייך די קלענסטע באַוועגונג.

נאָכמער, כדי איר זאָלט זיך נישט דאַרפן, חלילה, צופיל אָנ־שטרענגען, האָבן אייערע עלטערן זיך געבויגן פאַר אייך, רעדנדיק מיט אייך שפּאַניש, כאָטש אײן גאָט ווייס, ווי זיי פאַרגוואַלטיקן, טאָג איין טאָג אויס די שיינע שפּראַך פון סערוואַנטעס, וועלכע זיי האָבן קיינמאָל נישט געלערנט.

און נישט געלערנט האָבן זיי איר, ערשטנס, צוליב דעם, וואָס ס'איז קיין צייט נישט געווען, ווייל פריער, גאָר אין אָנהויב, האָט מען געדאַרפט זיך שאַפן אַן עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, און שפּעטער, אין די לעצטע צען־צוועלף יאָר, אין דעם פּראָצעס פון דעם עקאָנאָ־מישן באַרג ארויף, איז מען געווען צופיל פאַרנומען מיטן גייען נאָך רייכטום; און צווייטנס, ווייל די ווייט־גרעסטע מערהייט פון אונזערע אימיגראַנטן האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ בטול־קוק אויף מעקסיקע און די מעקסיקאַנער, און האָט באַטראַכט דאָס לאַנד אויסשליסלעך ווי אַן עקאָנאָמישן מקום־מקלט; זיי האָבן זיך גאָר באַטראַכט פאַר יחסנים קעגן דעם פאָלק, וועלכן זיי האָבן דאָ געטראָפן.

אייערע עלטערן, זענען אריין קיין מעקסיקע „מיטן רעכטן פוס". זיי זענען אָהערגעקומען פונקט דאַן, ווען זייערע עקאָנאָמישע פונק־ציעס פון אַ הויפּטזעכלעך האנדלס און — טיילווייז — אינדוסטריע־לען עלעמענט, זענען געווען אַ ברכה פאַרן לאַנד. זייער ענערגיע און אָריענטירונגס־פעיקייט האָבן דאָ געפונען אַ פעלד, וועגן וועלכן זיי האָבן אין דער אַלטער היים, אין די לענדער פון די אַלערליי גראָבס־קים, אַפילו נישט געקענט חלום'ען.

אַלערליי פאַקטאָרן, אַפילו די ערשטע אָפן־אַנטיסעמיטישע דער־שיינונג דאָ אין לאַנד: דער פאַרבאָט, אין 1930, פאַר יידישע הענד־לער צו שטיין אויף די „מערק" האָבן געווירקט לטובת דעם יידישן

עקאָנאָמישן אויפשוווּנג. די איצטיקע גרויסע געשעפטן, וואָס פאַרנע־מען אַזאַ בכבודיקן אָרט אין די הויפּט־גאַסן פון די וויכטיקסטע מעק־סיקאַנער שטעט, שטאַמען טאַקע פון דער צייט פון יענער גזירה, וועלכע האָט געצוווּנגען אייערע עלטערן צו פּראָגרעסירן עקאָנאָמיש. אין יענע יאָרן האָט זיך אויך אָנגעהויבן דער וווּנדערבאַרער באַרג־אַרויף פון די יידישע פאַבריקאַנטן דאָ אין לאַנד.

אַזוי צו אַזוי, אייערע עלטערן האָבן זיך זייערע פּאָזיציעס גע־מוזט אויסקעמפן. אמת דער קאמף דאָ איז צוליב די ספּעציפישע באַ־דינגונגען, אין וועלכע דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין די יאָרן פון זייער „אויסגרינען" און איינצוואָרצלען זיך, געווען אַ פּיל לייכטע־רער ווי, צום ביישפּיל, דער, וועלכן עס האָט געמוזט דורכמאַכן דער ערשטער שטראָם פון די יידישע אימיגראַנטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער אפילו אַזוי, זענען עס דאָך געווען יאָרן פון אָנשטרענ־גונג, פון קאָנצענטראַציע פון ענערגיע און פּראַקטישן שכל. „געבראָ־טענע טייבעלעך" זענען, פון זיך אַליין, אין מויל אַריין נישט געפלויגן.

— 2 —

אייער אומגליק באַשטייט אין דעם, וואָס, קענן אַלע געזעצן פון גוטער דערציאונג און געזונטער גייסטיקער אַנטוויקלונג, פליען אייך יאָ „געבראָטענע טייבעלעך" גלייך אין מויל אַריין. איר קומט שטענ־דיק, אין אַלע הינזיכטן, צו אַ געגרייטן טיש. דער עלעמענט פון נויט, פון זאָרג, פון קאַמף, איז אייך אָרגאַניש פרעמד.

אייערע עלטערן, וועלכע האָבן זיך דורכגעקעמפט צו זייערע איצ־טיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, האָבן אייך, זייערע קינדער, געטאָן אַ בערישע טובה מיט דעם, וואָס זיי האָבן אייך דערצויגן אויף באַגריפן, פון וועלכע זאָרג און קאַמף זענען אַזוי גוט ווי אויסגעשלאָסן. זיי האָבן (אפשר אַליין דאָס נישט פאַרדעכטיקנדיק) פאַראורזאַכט, אַז איר זאָלט מיינען, אַז דאָס לעבן איז איין גרויסער, אומענדלעכער יום־טוב, אַ באַנקעט, צו וועלכן איר זענט די איינגעלאַדענע, און אויף וועלכן איר קענט געניסן פון כל טוב ביי יעדן איינציקן פון די טישן, צו וועל־כע איר דאַרפט בלויז צוגיין.

אייערע עלטערן זענען קענן אייך באַגאַנגען אַ גרויסע זינד מיט

דעם, וואָס זיי האָבן, דורך דעם אויסשליסן פון אייער לעבן יעדן עלע־מענט פון זאָרג און קאַמף, אַטראָפירט אין אייך, אין זייער אַ גרוי־סער מאָס, אייער ווילנס־קראַפט, דעם דאָזיקן אַזוי וויכטיקן פאַקטאָר פון דערפאָלג אין דערוואַקסענעם לעבן; זיי האָבן אייך אויסגעשטעלט צו אַ סך זייער אומאַנגענעמע דערפאַרונגען און ביטערע אַנטוישונ־גען, דורכדעם, וואָס זיי האָבן געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, אויסצובאַהאַלטן פון אייך די רעאַלע וועלט, און געלאָזן אייך לעבן, ספּעציעל אין די יאָרן פון אייער אַדאָלעסצענץ, אין אַ אינטערעסן־קרייז פון „איך און מיינע שיך"; אין אַ באַגריפן־קרייז פון וועלכן דער צענטער איז: „מיר קומט אַלץ! מיין טאַטע איז דאָך עפּעס דער און דער, מיט דער גרויסער פאַבריק, צי מיט דעם שיינעם געשעפט".

שטאַרק געזינדיקט קענען אייך, בעסער געזאָגט, קענען אייער צו־קונפט, האָבן אייערע עלטערן, ווען זיי האָבן אייך געגעבן די מעגלעכ־קייט אויסצוגעבן גרויסע סומעס געלט אויף אייערע אַלערליי „שבת־אָוונט" פאַרגניגנס און גלאַט אַזוי, געלעגנהייטן זיך צו לאָזן ווילגיין, מיט די אייגענע אויטאָס, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און גרונט־אַטריבוט פון „גאָלדערנער יוגנט". מיט אָט דעם געבן אייך די גע־לעגנהייט צו „נעניסן פון לעבן" פּונקט ווי איר וואָלט שוין געווען די גרויסע פאַרדינערס, כאָטש אין זין פון זיך, עקאָנאָמיש, נוצלעך מאַכן, זענט איר נאָך כמעט אַלע פולשטענדיק אומבאַהאָלפן און קענט נישט, ווי מ'זאָגט עס פּאָלקסטימלעך, „אַ קאָץ דעם ווידל צובינדן".

— האָבן אייערע עלטערן אייך אויסגעשטעלט צו דער געפאַר פון דעמאָראַליזאַציע, אויב זיי האָבן אייך שוין נישט, פאַקטיש, אין אַ געוויסער מאָס, דעמאָראַליזירט. זיי האָבן געשאַפן אין אייך די פּסי־כאָלאָגישע איינשטעלונג, אַז אייער אופן לעבן איז דער נאָרמאַלער; אַז פולשטענדיקע זאָרגלאָזיקייט, אידייענלאָזיקייט און עגאָצענטריש־קייט זענען עם די גייסטיקע עלעמענטן, מיט וועלכע אַ יוגנטלעכער קען אַריינטרעטן אין דערוואַקסענעם לעבן, מיט גוטע אויסזיכטן אויף דערפאָלג.

זיי האָבן אָבער פאַרגעסן אייך צו דערציילן, אַז זיי, אין זייער יוגנט, האָבן יאָ געהאַט אידייען; אַז זיי האָבן זיך יאָ באַשעפטיקט מיט נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע פּראָבלעמען אין זייערע יוגנטלעכע יאָרן.

זיי האָבן איננאַנצן פאַרגעסן אייך צו דערציילן, אַז זיי זענען, ווי יוגנטלעכע, אַריינגעטרעטן אין דערוואַקסענעם לעבן, גלײַכצײַטיק צוגע־גרייט צו דעם ספּעציפישן קאַמף, וואָס ס'איז זיי, אַלס יידן, אויסגעקו־מען דורכצוקעמפן, ווי אַ גאָר וויכטיקן טייל פון זייער קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

— 3 —

די שווערע זינד פון אייערע עלטערן קענען אייך, איז דאָס וואָס זיי האָבן מיט דעם אופן דערציאונג (אויב דאָס קען אַזוי אָנגערופן ווערן), וואָס זיי האָבן אייך געגעבן, פאַראורזאַכט, אַז איר זאָלט לעבן אין „דעם נאַרס גן עדן", דאָס הייסט פולשטענדיק געשידן פון דער ווירקלעכקייט, אין וועלכער עס וועט אייך אין עטלעכע יאָר אַרום אויסקומען צו לעבן אַלס מענטשן און יידן.

דער גרויסער חטא פון אייערע עלטערן קענען אייך באַשטייט אין דעם, וואָס זיי האָבן געטאָן אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך, צו אַנטוויק־לען אין אייך דעם באַוווסטזיין, אַז יעדער פון אייך איז „דער צענטער פון דער וועלט", און דערפאַר איז במילא יעדער קאַפּריז זיינער, ווי אומלאָגיש און אומבאַרעכטיקט ער זאָל נישט זיין, אַ געזעץ פאַר די אַרומיקע, אַ מין „חוק נתן ולא יעבר".

אייערע עלטערן האָבן פאַקטיש ביינעטראָגן צו אַנטוויקלען אין אייך, אין אַ געוויסער מאָס, אַן אַנטיגעזעלשאַפטלעכן באַוווסטזיין, און צו אַטראָפירן אין אייך יעדן געפיל פון נאַציאָנאַלער אָדער סאָ־ציאַלער סאָלידאַריטעט. די שווידערלעכע, אומדערהערט־אינדיפע־רענטע באַציאונג, וואָס מערערע פון אייך האָבן אַרויסגעוויזן צו דעם מאַסן־אומקום פון אונזערע ברידער און שוועסטער אין דער היטלער־אייראָפּע, און וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס, באַ־נוצנדיק זיך מיט דעם טרויעריק־באַרימטן „קע מע איספּאָרטאַ?" — וואָס גייט עס מיך אָן?, האָבן זיי אַפילו נישט געוואָלט, אַז מ'זאָל זיי באַלעסטיקן מיט דעם דערציילן זיי די ניי־אָנגעקומענע איינצלהייטן פון אָט דעם חורבן לדורות, — איז בלויז אַ אומפאַרמיידלעכער, לאָ־גישער רעזולטאַט פון דער „דערציאונג" אויסשליסלעך צום „געניסן" פון אַלערליי פאַרגניגנס, און פון דעם אַנטוויקלען אין אייך דעם „איך"־קולט ביזן לעצטן עקסטרעם.

אייערע עלטערן האָבן, אומדירעקט, מיט זייער „בריטיש־ארצי־קייט" (אין זין פון שטענדיקן אָנשטאָפּן אייערע בייטלען מיט געלט) נאָכאַנאַנד אנטוויקלט אין אייך דעם באַוווסטזיין אַז איר זענט „באַרעכטיקט". זיי האָבן אָבער גאָרנישט אָדער כמעט גאָרנישט געטאָן צו וועקן אין אייך דעם באַוווסטזיין, אַז איר זענט „פאַרפליכטעט". פליכט באַוווסטזיין, אין ברייטערן זין פון וואָרט, אַט דער אומבאַדינגט נויטווענדיקער עלעמענט, אָן וועלכן דאָס צוזאַמענלעבן פון דעם איינציגנעם מיט דער געזעלשאַפט, אין דעם נאַציאָנאַלן, פּונקט אַזוי ווי אין דעם סאָציאַלן לעבן און ווירקן, איז אוממעגלעך, — איז אייך אינגאַנצן פרעמד.

— 4 —

אַזוי אַרום שטייט איר אויפן שוועל צום דערוואַקסענעם לעבן אינגאַנצן נישט צוגעגרייט, נישט אַלס מענטשן אין אַלגעמיין, און נאָך ווייניקער אַלס יידן.

לעבן איז קאַמף, און איר באַזיצט נישט די וואָפן פאַר אים. אָנשטאָט פאַרהאַרטעוועטער ווילנסקראַפט, קענט איר געבן אין נדן בלויז אייערע קאַפּריזן פון אַ צובאַלעוועטער „גאָלדענער יוגנט". אָבער דאָס לעבן לאַכט זיך אויס פון זיי.

אַלס יונגע יידן, וואָס איר זענט, האָט עס צוגעגרייט פאַר אייך אַ פּראָבלעם, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרענטפערן דורך אַן „אייגענעם אויטאָמאָביל" און אויך נישט דורכן „טאַטנס גרויסער פאַבריק" אָדער „שיינעם געשעפט". ווי זינגט זיך עס אין דעם פאָלקסליד: „אַליין, אַליין מוז דאָס קינדעלע גיין". יעדער איינער פון אייך וועט מוזן טראָגן זיין ספּעציפיש־יידישן עול, מיט אַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן, וואָס אַט דער עול פון יידישקייט לייגט אַרויף, און מיט אַלע אימפּליקאַציעס, וואָס דער קלאַסישער אויסדרוק „שווער צו זיין אַ ייד" שליסט אין זיך איין.

און ועל כולם וועט אייך אויסקומען אַריינצוטרעטן אין דערוואַקסענעם לעבן, גראָד אין דעם זייער, זייער שווערן פּעריאָד פון די נאָך־מלחמה יאָרן, וועלכער וועט זיין אָנגעלאָדן מיט דער געפאַר פון אַלערליי עקאָנאָמישע קריזיסן און סאָציאַלע קאָנוואַלסיעס; אַ

געפאר, פון וועלכער עס וועט אייך, ספעציעל אלס יידן, אויסקומען גאר א סך צו הערן...

אבער דערווייל, צו וואס האבן עגמת נפש? צו וואס זיך נעמען די מי צו לייענען די פאטאלע שריפט אויף דער וואנט? איר גייט זיך זעלבסטפארשטענדלעך ווייטער אן מיט אייער „יום טוב אין דער וואכנדיקן לעבן" אין „דעם נארס גן־עדן". און זייענדיק שוין כמעט דערוואקסענע מענטשן, זינגט איר זי דנאאיוו דאס שיינע קינדער־לידל:

„קינדער זענען לוסטיק,
שטענדיק פול מיט פרייד.
דארפן גארנישט זארגן,
ס'איז פאר זיי אלץ גרייט"

# אין „דעם נארס גן־עדן"

„אַז די יום־טובֿדיקע טעג
גייען שוין אַוועק"...
(פֿאָלקסליד)

איך וויל אין דעם דאָזיקן, אַזוי צו זאָגן, געזעגנונגס־בריוו אַפּעלירן צו אייער געזונטן אינסטינקט פֿון זעלבסט־דערהאַלטונג און צו אייער „פּראַקטישן שׂכל". איך וויל דערביי האָפֿן, אַז איר געהערט נישט צו דער קאַטעגאָריע פֿון יענע איינגעשפּאַרטע נאַראָנים, וועלכע לאַכן זיך, אין זייער אַבסורדער זעלבסט־זיכערקייט, אויס פֿון די אומבאַשטרייטבאַרע פֿאַקטן, וואָס די נאַקעטע ווירקלעכקייט טראָגט זיי אַנטקעגן.

טאָ זאָלן די פֿאַקטן רעדן.

אין אייער גרענעצלאָזער נאַאיוויטעט, האָט איר זיך אַליין איינגערעדט, אַז אויסער דעם אינטערעסן־קרייז פֿון אייער „איך", דאָס הייסט, פֿון אייערע פֿאַרגניגנס, גייט אייך מער גאָרנישט אָן, און — לויט ווי איר דענקט — האָט עס צו אייך קיין שום שייכות נישט.

דאָס איז אייער טראַגישער טעות. באַגרייפֿט איר דען נישט, אַז נאָכדעם ווי אַ לינדבערג האָט געקענט באַווייזן אַריבערצושפּרייזן דעם אָקעאַן, וואָס טיילט אָפּ די צוויי וויכטיקסטע קאָנטינענטן פֿון אונזער צייט אין בלויז דריי און דרייסיק שעה, איז די וועלט מיט איינמאָל געוואַלטיק איינגעשרומפּן געוואָרן און געוואָרן אַ קליין וועלטעלע? פֿאַלט אייך גאָרנישט איין, אַז אין אָט דער קליינער וועל־

טעלע מאַכן די אַלערליי מאָדערנע קאָמוניקאַציע־מיטלען פולשטענ־דיק אַבסורד דעם געדאַנק פון „וואָס גייט עס מיך אָן?", וועלכער איז אַזוי צו זאָגן דער „מאָטטאָ" פון אייער באַציאונג צו דער אויסערלע־כער וועלט?

ס'איז באמת אַ שאָד, וואָס אויסער דער ספּאָרט און דער קרי־מינעל־פּאָליציייאישער אָפּטיילונג אין די שפּאַנישע טעגלעכע צייטונ־גען, און דער התונות און תנאים אָפּטיילונג אין די שבת־נומערן פון די היגע יידישע צייטונגען, לייענט איר אַבסאָלוט גאָרנישט. ווען איר וואָלט געווען פאַראינטערעסירט אויך אין אַנדערע אָפּטיילונגען פון דער מעקסיקאַנישער און יידישער פּרעסע (און ווער רעדט נאָך, ווען איר וואָלט געלייענט די בעסערע זשורנאַלן און ביכער) וואָלט איר זיכער היינט צו טאָג שוין געוווסט, אַז אייער ליבלינג־באַגריף: „וואָס גייט עס מיך אָן?", מיט וועמענס הילף איר האָפּט רואיק דורכצו־שווימען דעם ים, וואָס הייסט דערוואַקסענער לעבן, האָט פולשטענ־דיק באַנקראָטירט אין דער גרויסער וועלט, און איז פון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער מענטשהייט דערקלערט געוואָרן טויט, אויף נישט אויפצושטיין קיין תחית המתים.

ווען איר וואָלט נישט געווען אַזוי בלינד און טויב צו דעם, וואָס קומט פאָר אין גאָטס גרויסער וועלט, וואָלט איר שוין איצט געוווסט, אַז מעכטיקע פעלקער, וואָס האָבן דורות, יאָרהונדערטער גאַנצע גע־לעבט מיט אייער ליבלינג־„מאָטטאָ": „וואָס גייט עס מיך אָן?", האָבן אים לעצטנס אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל פון זייער פּאָליטישן דענקען און באַוווסטזיין. טויט איז ענגלאַנדס אַמאָליקע „ספּלענדיד אייזאָליי־שאָן". „איין וועלט!", האָט פּראָקלאַמירט ווענדעל ווילקי, אויסדריקנ־דיק מיט די דאָזיקע צוויי ווערטער דאָס וואָס ס'פילן און דענקען אַלע פּראָגרעסיווע מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט.

און, אויב דער באַגריף פון איזאָלאַציע, פון „וואָס גייט עס מיך אָן?", איז, ווי אַ לעבנס־נאָרמע, געשטאָרבן אויף קיינמאָל קיין תחית־המתים נישט אויפצושטיין אין דעם באַוווסטזיין פון גאַנצע פעלקער, וואָס פאַר אַ אָנהאַלט קען ער האָבן אין דעם לעבן פון דעם איינצלנעם מענטשן?

לעבט איר דען נישט, אויב אַזוי, אין אייער איזאָלאַציע, מיט

אייער „וואָס גייט עס מיך אָן?״ — פּילאָפּאָפּיע, אין „דעם נאַרם גן־עדן?

וואַרפט זשע אַוועק דעם דאָזיקן באַנקראָטירטן באַגריף, טריי־סעלט זיך באַצייטנס אָפּ פון אים, איידער דאָס לעבן וועט אייך אויפ־וועקן פון אייער אָנגענעמען „איזאָלאַציאָניסטישן״ חלום דורך אומ־דערוואַרטעטע פּאַר אייך, אָבער לאָגיש־אומפאַרמיידלעכע אויפ־טרייסלונגען. וואַרט נישט, מיט אייער נאַאיווער שטרוים־פּאָליטיק, ביז די ווייט נישט אידילישע ווירקלעכקייט פון רעאַלן דערוואַקסענעם לעבן וועט יעדן פון אייך פאַרוואַנדלען אין דעם לעאָניד אַנדרעיעווש „דער וואָס קריגט די פּעטש״.

איצט, איז די צייט, אַז איר זאָלט פרייוויליק פאַרלאָזן „דעם נאַרם גן־עדן״ און זיך דערמאָנען, אַז נישט שטענדיק איז יום־טוב. איצט איז פאַר אייך דער ריכטיקער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט צו ענ־דערן אייער גאַנצע איינשטעלונג, אין דעם זין, אַז „די יום־טובדיקע טעג גייען שוין אַוועק״ ס׳איז פאַר אייך די העכסטע צייט צו עפענען די אויגן אויף די וועלט אַרום אייך, אין וועלכער, צי איר ווילט, צי איר ווילט נישט, ס׳וועט אייך אויסקומען דורכצולעבן אייער דער־וואַקסענעם לעבן, און צו וועלכער איר וועט מוזן נאָכאַנאַנד אָנקו־מען. איצט איז די צייט, אַז איר זאָלט זיך אַרומקוקן און דערזען, אַז אייער צוקונפט איז נישט אַ גלאַטער אַספאַלטירטער שאָסיי, ווי די אויף וועלכע איר יאָגט זיך איצט אַזוי אָפּט אַרום, כדי די צייט צו פאַרטרייבן, אין אייערע שפּאָגל־נייע, לוקסוספולע אויטאָמאָבילן, — נאָר אַ וועג אַ נישט אויסגעפלאַסטערטער, מיט אַ סך שטיינער, וואָס קומען אַנטקעגן גאָר אָפּט און אומדערוואַרטערטעט.

און נאָך עפּעס דאַרפט איר זיך דערמאָנען. אייער גאַנצע זעלבסט זיכערהקייט, אייער גאַנצער קוק צו דער וועלט פון אויבן אַראָפּ, איז באַזירט אויף אַ באַגריף, וועלכער איז פון גרונט אויס רעאַקציאָנער. די עקאָנאָמישע מאַכט פון אייערע טאַטע־מאַמעס איז עס דער קוואַל פון וואַנען איר שעפּט אייער באַציאונג צום אַרום. אָט די עקאָנאָ־מישע מאַכט פון אייערע עלטערן ווערט אין אייער באַוווסטזיין (מיט זייער אָפענער אָדער שטילער הסכמה) פאַרוואַנדלט אין אייער רעכט אין באַצוג צו אייער „וועלט״, דאָס הייסט, צו אייער סביבה איר פאַרקערפּערט אַזוי אַרום אין אייער פּערזענלעכן לעבן, אַליין זיך

נישט אָפּגעבנדיק קיין רעכנונג, דעם פּרינציפּ, וואָס איז דער קלאַ־סישטער אויסדרוק פון פּאָליטישער און סאָציאַלער רעאַקציע, דעם פּרינציפּ פון „מאַכט איז רעכט". דאָס איז דער פּרינציפּ קעגן וועלכן אַלץ, וואָס ס'איז פּראָגרעסיוו אין דער מענטשהייט, פירט איצט, אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב, אַ קאַמף אויף טויט און לעבן.

גייט זשע אויך אין אָט דעם פאַל ווי אַמשנעלסטן אַרויס פון דעם „נאַרס גן־עדן", אין וועלכן איר לעבט אַזוי נאַאיוו־גליקלעך. אײי־דער איר וועט, שוין ווי דערוואַקסענע, קומען אין אַ קאָנפליקט (וועל־כער קען ווערן פאַר אייך טראַגיש־אומלייזבאַר), מיט דער אַרומיקער פּראָגרעסיווער וועלט, צו וועלכער ס'געהערט דער מאָרגן, און וועלכע האַלט פונקט פאַרקערט: אַז נישט „מאַכט איז רעכט", ווי איר, אין אייער בלינדקייט, האָט זיך איינגערעדט, נאָר אַז „רעכט איז מאַכט".

— 2 —

איצט, אַז איר זענט שוין, ווי ס'ווילט זיך מיר גלויבן, איבער־צייגט, אַז ס'וועט אייך נישט מעגלעך זיין דורכצולעבן אייער דער־וואַקסענעם לעבן אין „ספּלענדיד אייזאָליישאָן" און אַז די וועלט אין וועלכער איר וועט דאַרפן לעבן, וועט זיין אַ וועלט, אין וועלכער אייער באַוווסטזיין פון בארעכטיקטקייט צו אַ יום־טובדיקן „אין דער וואָכן" בלויז דערפאַר וואָס מ'האָט אייך אין אייערע היימען אַזוי צונעוווינט, וועט נישט געפינען די קלענסטע סימפּאַטיע. — דער־לויבט מיר, פאַרן געזעגענען זיך, צו באַרירן נאָך עטלעכע אָנגוויי־טיקטע פונקטן.

דערמאָנט איר זיך אפשר וואָס ס'ווערט דערציילט וועגן דער פראַנצויזישער קעניגין מאַריאַ אַנטאָניעטאַ, די פרוי פון לואיס דעם זעכצנטן, דעם לעצטן „סוווערען" פון אַבסאָלוטיזם אין פראַנקרייך, וועמענס קאָפּ איז צוזאַמען מיט דעם קאָפּ פון דער קעניגין אָפּגעהאַקט געוואָרן דורך דער אַלמעכטיקער גיליאָטינע פון דער גרויסער פראַנ־צויזישער רעוואָלוציע?

ווען די הונגעריקע פאָלקס־מאַסן פון פּאַריז, ווערט דערציילט, האָבן אין די צענדליקער טויזנטער זיך פאַרזאַמלט פאַרן „טולעריען"־פּאַלאַץ און דורך ווילד־פאַרצווייפלטע געשרייען אויסגעדריקט זייער

סאָציאַלע אַנגסט און די מורא פאַרן קאָשמאַר פון הונגער, וועלכער האָט זיך מיט ריזן־שריט דערנענטערט צו די אָרימע קוואַרטאַלן פון דער הויפּט־שטאָט, איז דער ליאַרם פון דרויסן דערגאַנגען דורך די ווענט און דורך די דיקע פאָרהאַנגען און פּליושענע טעפּיכער — ביז אין די אינווייניקסטע צימערן פון קעניגלעכן פּאַלאַץ. מאַריאַ אַנטאָ־ניעטאַ, וועלכע האָט קיינמאָל פריער זיך נישט געהאַט אינטערעסירט מיט דעם לעבן און מיט די זאָרגן פון דעם פּשוטן פאָלק, און איז גע־ווען הימל־ווייט פון די נויטבאַדערפענישן פון די פאָלקס־מאַסן, האָט געפרעגט ביי איר קאַמאַריליע וועגן דער סיבה פון אָט דעם אומגע־ווייגלעכן ליאַרם, וואָס איז וואָס אַמאָל מער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דראָענדיקן שטורעם פון צורייצטע מענטשלעכע שטימען.

„מאַיעסטעט", האָט מען איר דערקלערט, „דאָס זענען די מענ־טשען־מאַסן פון די אָרימע קוואַרטאַלן פון פּאַריז. דאָס שרייען זיי, ווייל זיי האָבן נישט קיין ברויט".

„אַזוי?", האָט איר קעניגלעכע מאַיעסטעט דערווידערט. „זיי האָבן נישט קיין ברויט? טאָ זאָלן זיי עסן... טאָרט".

גלויבט איך נישט, אַז אָט די טראַגיש־נאַאיווע ווערטער פון מאַריאַ אַנטאָניעטאַ זענען, אָפּהיטנדיק, נאַטירלעך, די נויטיקע פּראָ־פּאָרציע, כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר אייך? האָט איר זיך דען אַ מאָל פאַרטראַכט וועגן דעם סאָציאַלן אומעט, וועגן דעם סאָציאַלן צער, און נאָכמער וועגן סאָציאַלן צאָרן, צווישן וועלכן איר לעבט און גייט אַרום אַזעלכע יום־טובדיקע, אַזעלכע זעלבסטצופרידענע?

פּונקט ווי דער טראַגיש־אומוויסנדער פראַנצויזישער קעניגין איז נישט איינגעפאַלן, אַזוי פאַלט אויך אייך גאָרנישט איין, אַז ווו, פון איין זייט, פעלט כראָניש אויס ברויט, און פון דער אַנדערער וואַרפט מען זיך אַרום מיט טאָרט, דאָרט באַווייזט זיך פריער אָדער שפּעטער דאָס געשפּענסט פון דער גיליאָטינע, אויב נישט אין דעם ווערטלעכן זין, איז אין דעם ברייטערן זין פון סאָציאַלער רעוואָלוציע מיט אַלער־ליי ערדציטערנישן און וווּלקאַן־אויסברוכן, וואָס זי ברענגט מיט זיך.

אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס, ערשטנס, לייענט איר בכלל נישט קיין ליטעראַטור, און, צווייטנס, וואָס נישט איר קענט יידיש און נישט איר ווילט זיך לערנען יידיש. ווייל, וואָלט איר געהאַט אַ אינטערעס פאַר ליטעראַטור און דערצו נאָך געוואָלט און געקענט לייענען יידיש,

וואָלט איר אין „די שטאָט פון פּאַלאַצן”, דעם פּראַכטפולן בוך לידער
פון סאָציאַלן צער און צאָרן, פון אונזער היגן דיכטער יצחק בערלי־
נער, געפונען שטאָף, וואָס וואָלט אייך געמאַכט צו טראַכטן און נאָכ־
טראַכטן, און וואָלט אַ היבש ביסל פאַר׳סמט אייערע זאָרגלאָזע טעג
און אָוונטן.

אָבער אַזוי ווי איר וועט אָט דעם בוך נישט לייענען, וויל איך
אייך זאָגן אין טרוקענער פּראָזע דאָס, וואָס „די שטאָט פון פּאַלאַצן”
דריקט אויס אין מייסטערהאַפטע פערזן:

געדענקט, איר זאָרגלאָזע, זעלבסטצופרידענע יונגעלייט, אַז
אַזוי לאַנג ווי דאָ, אין אייער שטאָט, אין דער „שטאָט פון פּאַלאַצן”
וועט זיך געפינען אַ „טעפּיטאָ”, אַ שטאָט־טייל איבערפולט מיט עקאָ־
נאָמיש־סאָציאַלן מענטשן־אָפּפאַל, טאַנצט איר אַלע דאָ אויף אַ וואול־
קאַן. און אַזוי לאַנג ווי דאָס גאַנצע לאַנד איז נאָך פול, אין זיינע שטעט
און דערפער, מיט „טעפּיטאָס”, לויערט אויף אייך אַלע דאָס געש־
פּענסט פון קאַטאַקליזמען, קעגן וועלכע אייער גאַנצע אויגנשיינלע־
כע זיכערקייט איז נישט מער ווי דאָס וואָס אַ שפּינגעוועבס איז קעגן
דער אַלץ צושמעטערנדיקער קראַפט פון אַ הוראַקאַן. איר לעבט אין
קאָרטן־שטיבלעך געבויט אויף זאַמד, און איר מיינט, אַז איר זענט
אונטערן שוץ פון אומצושטערבאַרע פעלזן.

ווי גוט וואָלט עס געווען, ווען איר וואָלט געווען באַקאַנט מיט
די שאַפונגען פון אונזער אומשטערבלעכן דיכטער יצחק לייבוש פּרץ.
איר וואָלט, צווישן אַנדערע פון זיינע דיכטערישע פּערל, געפונען איי־
נעם, וואָס הייסט „מיין נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע”, ער זאָגט
דאָרט (און דאָס מיינט מען אויך אייך): „געמאָסטן ווערט אַלעס, גע־
וווינן ווערט אַלעס... אַ, מיין נישט לית דין ולית דין!”.

און פּונקט אַזוי טראַגיש ווי ס׳איז אייער נאַאיוויטעט אין סאָ־
ציאַלע פראַגן, איז אויך אייער איגנאָראַנץ אין באַצוג צום פּאָליטישן
לעבן בכלל און צו אונזער אייגענעם יידישן נאַציאָנאַלן לעבן בפרט.

די ווייניקע פון אייך, וואָס טוען יאָ די טובה אדורכצוקוקן
אַמאָל די וועלט־נייס און לייט־אַרטיקלען־אָפּטיילונג פון דער פּרעסע,
פּאַטשן צופרידענערהייט מיט די הענט: „גאָט צו דאַנקען, דאָ אין
לאַנד איז נישטאָ קיין פאַשיזם; דאָ זענען מיר אַלע זיכער”.

ווי לעבערלעך איר זענט אין אייער דאָזיקער „פּאָליטישער” צו־

פרידנהייט. געדענקט: אזוי לאנג ווי פאשיזם עקזיסטירט אין איין ווינקל פון דער וועלט (ווי קליין דער דאזיקער ווינקל זאל נישט זיין), זענט איר אלע, דא, אין געפאר.

לינקאלן האט בעת דעם בירגער־קריג אין די פאראייניקטע שטאטן געלאזט פאלן א ווארט, וואס איז נישט נאר געווען גילטיק דאן און דארט, נאר איז אויך א הייליקער אמת היינט און אומעטום. „ס'איז אוממעגלעך", האט ער געזאגט, „אז איין העלפט פון לאנד זאל זיין פריי און אין דער צווייטער זאל אנגיין שקלאפן־אייגנטום". געדענקט זשע: פאשיזם, ווו ער זאל נישט זיין, איז א דירעקטע געפאר פון שקלאפעריי פאר אייך. שטרוים־פאליטיק וועט אייך גאר נישט העלפן. אקטיווער אנטי־פאשיזם, אלע פארמען פון הילף וואס איר קענט נאר געבן דעם וועלט־קאמף קעגן פאשיזם, אט דאס איז דער ריכטיקער וועג. בלויז אייער אריינטרעטן אין די אקטיווע רייען פון די פראגרעסיווע סאציאלע און פאליטישע באוועגונגען קען אייך פארזיכערן קעגן דער פאשיסטישער געפאר. קיין שום פארזיכערונגס־געזעלשאפט קען עס פאר אייך נישט טאן, נישט קוקנדיק אויף די ברייטוויליקייט פון אייערע טאטעס צו שרייבן טשעקן פאר דעם דאזיקן צוועק.

און די געפאר פון אנטיסעמיטיזם? אלץ, וואס איך האב אייך נאר וואס געזאגט וועגן פאשיזם, איז גילטיק אויך וועגן אנטיסעמיטיזם, ווייל ער איז דער קלאסישער אויסדרוק פון דעם קאנסער פון סאציאלער רעאקציע, וואס האט לעצטנס אנגענומען די פאליטישע פארם פון פאשיזם.

אנטיסעמיטיזם אין איין עק וועלט טראגט אין זיך די געפאר פון אנטיסעמיטיזם אין אלע עקן וועלט. דערפאר: וואכט אויף פון אייער לעטארגישן שלאף פון זעלבסט־צופרידנהייט. אויב שוין נישט צוליב אנדערע, העכערע, אידעאליסטישע מאטיוון, טא טוט עס צוליב אייערע אייגענע אינטערעסן. ווערט דורכגעדרונגען מיט דעם באוווסטזיין פון אחדות ישראל, פון יידישער נאציאנאלער אייניקייט, און פון יידישער נאציאנאלער סאלידאריטעט. „כל ישראל ערבים זה לזה", אט דער דאזיקער אלטער היסטארישער אמת מוז ווערן אייער אמת.

און ווען אט דער באוווסטזיין וועט אריינדרינגען אין אייך, וועט ער אייך שוין במילא אקטיוויזירן, אין זין פון נענטער ווערן צו די

מיטאנישע אַנישטרענגונגען, וואָס אונזער פאָלק מאַכט איצט אויפצו־בויען ארץ־ישראל, ווי א יידיש היים־לאַנד, און פאַרזיכערן אונזער בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן אין אַלע לענדער, וווּ מיר לעבן.

---

איך בין געקומען צום סוף פון מיינע פינף בריוו צו אייך. איך האָב מיט זיי געוואָלט אייך עפענען די אויגן, כדי איר זאָלט דערזען די טראַגישע פאַלשקייט פון דער לאַגע, אין וועלכער איר געפינט זיך. איך האָב מיט זיי געצילט ארויסצוטרייבן אייך פון „דעם נארם גן־עדן", אין וועלכע אייערע עלטערן האָבן, מיט זייער אופן „דערציען", אייך ארייַנגעזועצט.

איך האָב מורא, אַז מיינע ווערטער זענען געפאַלן אויף טויבע אויערן. איך האָב אָבער דעם באַוווסטזיין פון א דערפילטער פליכט.

# אינהאַלט־פאַרצייכניס

ז ײַ ט

## אויף מוזיקאַלישע טעמעס



## עטלעכע דיריגענטן



## געסט אין מעקסיקע

## צווייטער טייל

מעקסיקאַנער יידישע טעמעס



## וועגן ישוב



## די יידישע שול



## צוויי בויער

## ליטעראַרישע ווידער־קלאַנגען



## מעדיטאַציע וועגן צווייטן דור

דער אויטאָר איז דאַנקבאַר דעם זשורנאַל „צוקונפט" פאַר דער העפלעכער דערלויבניש אריינצונעמען אין דעם בוך די אָפּהאַנדלונג „די מאָדערנע יידישע מוזיק", וועלכע איז פריער פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן אין דעם דערמאָנטן זשורנאַל.

ער איז אויך דאַנקבאַר דעם זשורנאַל „קולטור און דערציאונג" פאַר דער זעלבער העפלעכקייט אין באַצוג צו דער ארבעט „מוזיק פון סאָציאַלן אומעט".

